צווייטער יאָהרגאַנג №  19.

יודישע

# פאָלקס־צייטונג

ט' אייר תרס"ג. פערלאַג „פאָלקס־בילדונג“ וואַרשא. 6 Mai 1903.

# בוכהאנדלונג
פון
## מרדכי קאצענעלענבאגען אין ווילנא
**(עקסעסטירט שאן 50 יאהר).**

איך רעכען פיר איבריג צו לויבען און רעקלאמירען מיין בוכהאנדלונג, וועלכע עקסעסטירט שאן זא לאנג און האט זיך א שם־טוב ערוואָרבען. די פיעלע און נוטע אונזערע אויפּגאבען, הן אין העברעאיש הן אין זשארגאן, זענען די בעסטע עדות דערויף. איך מאך נור אויפמערקזאם, דאס די לעצטע צייט האט זיך מיין געשעפט פיעל אויסגעבעסערט און פערגרעסערט געווארען מיט פיעל העברעאישע און זשארגאנישע ביכער, וועלכע זענען ערשינען דורך מיין פערלאג, און שטענדיג געפינט זיך אויף לאגער א גרויסער אויסוואהל פון אלע זשארגאנישע בעסטע ביכער, פון די בעסטע בעריהמטע שריפטשטעלער.

אויך געפינט זיך אין מיין בוכהאנדלונג אלע ספרי חנוך ולמוד (אוצעבניקעס) מכל הפערלאגען; ספרי מליצה ושיר, ספרי פלפול ודרוש וכל מיני רומעל מכל בתי־הדפוס הן ממדינתנו והן מחו״ל.

איך פערקויף צו בילינע פרייזען די אלע פאלגענדע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג:

**כל שירי גארדאן** פרייז מיט פארטא 7 רובל.
**ספרי פרץ סמאלענסקין** פרייז 13.90 רובל מ״פ.
**בית הספר השלם** מיט רוסיש און זשארגאן חלק א׳ 50 קאפ׳; חלק ב׳ 60 קאפ׳; חלק ג׳ 90 קאפ׳.
**בית הספר השלם** מיט רוסיש חלק א׳ 40 קאפ׳; חלק ב׳ 55 קאפ׳; חלק ג׳ 80 קאפ׳.
**מטמון הילדים** חלק א׳ 60 קאפ׳.
**המחנך השלם** מאת גדליהו סופר מיט רוסיש און זשארגאן 80 קאפ׳; מיט זשארגאן אליין 60 קאפ׳.

יעצט איז ערשיענען דורך מיין פערלאג די נייע אוצעבניקעס:
**תינוקות לבית רבן** פיר אנפענגער, פרייז 1 ר׳ קאפ׳ מיט פארטא.
**פרדס הילדים** פיר אנפענגער, מיט פראכטפאלע אילוסטראציעס, גראסארטיג געדרוקט, פרייז מיט פאר׳ 50 קאפ׳.

בוכהענדלער און ציוניסטישע אגודות בעקומען פראצענט.
187 10—5

אדרעססע:
Въ книжный и картинный магазинъ
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНЪ, г. г. ВИЛЬНА.

---

# ד״ר י. אלאפין
12—9
**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, ווענערישע קראנקהייטען און מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה און פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

## נייטיג פאר יעדען!

די נייע ערפינדונג, וועלכע האט א פאטענט פון אייראפא און אמעריקא, „צו פערהיטען הייזען פון צעריסען און איינגעשמוצט ווערען" קאסטעט א פאר 20 קאפ מיט פארטא. דאס אליין פערקויף קענען בעקומען אלע פירמעס. מוסטערן און די גענויערע תנאים שיקט דער פארשטעהער פון דער פירמא

М. Капланъ, Свислочь, Грод. губ.
(189) 1—4

---

(205) **2—3 рубля** 2—1

ежедневно можетъ всякій очень легко заработать распространеніемъ заграничныхъ алюминіевыхъ вывѣсокъ. Обращаться къ Э. С. ГАЛЬПЕРИНУ въ Одессѣ, Дальницкая 31.

---

# י. שעקמאן, ווארשא.
**פאבריק פון זילבער 84 פראָבע**
(128) עט פלאטעע־וואארען. 50 17




---

**פאבריק פון פייערפעסטע** 199 1—15 5
## אייזערנע קאססעס

עמפפעהלט איהר אויסארבייטונג נאך נייעסטער סיסטעם קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרעסערט די № № געגען אנדערע פאבריקען. פרייז קוראנטען פראנקא

Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40

---

הוצאת ישורון:
## הדשה!
## כל כתבי ראובן אשר ברוידעס
לע״ע יצאו לאור:

א) **שתי הקצות** ב״ח, מחירו 1.50 רובל.
ב) **שירים עתיקים**, מחירו 50 קאפ.
לפנות אל: 2 1 1—3

**Книгоизд. Іешурунъ, Вильна**

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**
Варшава, Слизкая 22.
(105) 25—2

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יערען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויף׳ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריף־ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.
**Я Найдичъ, Варшава.**

---

K. W. Bornstein, Warschau, Pawia 40!

---

# וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי און גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"
**„ТРУДЪ" פון א. קאמען, ווארשא,** סאלנא 10

נעהמט אן פערשיעדענע פראכט און איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע און שענסטע ארנאמענטען און שריפטען, נעהמט אן בעשטעלונגען אויף איינבינדען און בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פרעזענטען**

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" און „אחיאסף" און פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך און מינדליך אן
164 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10 10

---

## בבית מסחר הספרים של האחים
# לעווין עפשטיין ושותפיהם
**ווארשא, געגשא נומר 5.**

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים מחזורים, סדורים, שו״ת, דרוש, פוסקים, שס״ם ואלפסן, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית־המסחר הנ״ל ממלא רצון הקונה עצהיו״ט.

אדרעסע:
**Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.**
**Варшава, Гусья № 5.**
**Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau, Gesiastr. 5.**
168 11—9

קאטאלאג מפורט יצא לאור, מחירו 20 קאפ.

יודישע
# פאלקס־צייטונג
א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 "
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

ט' אייר תרס"ג. Nr. 19. 6 Mai 1903.

## דער קהל'שער גראשען.

איינער פון די גרעסטע פעהלער אין אונזערע צדקה־חברות איז: וואס זיי געבען ניט אב קיין רעכנונג, ניט עפענטליך אין צייטונגען אדער בעזונדערע בראשורען, און ניט פריוואט, פאר די איינענע מיטגלידער, אז זיי זאלען וויסען, וואס האט די חברה געמאכט מיט זייער געלד. אין יעדער שטאדט געפינען מיר חברות צו פארשידענע גוטע צוועקען; ווייסט עמיצער א גענויע רעכנונג פון די געלדער, וואס זיי נעמען צונויף ביים עולם? האט עמיצער פון אונז געזעהן א מאל א געדרוקטען, אדער וועניגסטענס א געשריבענעם חשבון פון, למשל, א חברה־קדישא, וואס געפינט זיך דאך אין יעדער יודישער שטאדט און „רייסט פון טויט און פון לעבעדיג"?

יעדע חברה האט זיך איהרע פיהרער, גבאים, וועלכע מיינען, אז ווי באלד די מיטגלידער האבען זיי אויסגעקליבען, זענען זיי שוין פאר קיינעם ניט פאראנטווארטליך, און זיי טון וואס און ווי זיי געפעלט, פרעגען ניט קיינעם און געבען ניט אב קיין חשבון פון חברה'שע געלד, פון קהל'שען גראשען. איבער דעם קומען ארויס זעהר פיעל אונארדענונגען, דעריבער ליידען די חברות, ליידט דאס גאנצע פאלק.

ניט זעלטען הערען מיר תרעומות, שטעכווערטלעך אויף די גבאים פון פיעל חברות, אז זיי בעטראכטען דאס קהל'שע געלד ווי איינענס. ניט אויף איין חברה־פיהרער מורמעלט מען שטארק, אז ער איז פונקט ווי אונזערע בעלי־טכסא, וואס עסען אליין „שפיץ־ברוסט" און דעם ארעמאן פאר זיין געלד געבען זיי ביינער...

מיר וועלען ניט חלילה זאגען, אז די אלע בייזע רייד אויף די גבאים זענען אמת. מיר ווייסען זעהר גוט, אז פיעל איז מען חושד גאר אהן רעכט. פיעל, זעהר פיעל גבאים זענען עהרליכע לייט, וואס ארבייטען נאר לשם־מצוה, זיי וועלען געוויס ניט אנרידהרען קהל'ס גראשען; אדרבא, זיי דערלעגען נאך פיעל מאל פון דער איינענער טאש. אבער ווער איז שולדיג, וואס מען איז חושד עהרליכע מענשען, אז ניט זיי, אליין, ווען זיי געבען ניט קיין חשבון פון געלד און פארלאנגען, מען זאל זיי טרויען אויף נאמנות?

דער עולם אבער, וואס ווייסט פון פאקטען, ווי טייל זענען טאקי רייך געווארען פון קהל'שער קאסע, וויל היינט קיינעם ניט גלויבען אויף נאמנות, „די מטבע האט ליב רעכנונג" זאגט א רוסיש שפריכווארט און אז די רעכנונג פעהלט, פעהלט אויך דאס צוטרויען... דעריבער זענען פיעל חברות ניט מאריך ימים, און די וואס מוזען בלייבען, ווי די חברה־קדישא'ס, זענען דאס רוב פארהאסט און ווערען פון אלעמען בערעדט.

אונזערע חברות וועלען זיך קאנען ענטוויקלען, בליהען, ברענגען נוצען און בעליבט זיין ביים פאלק, נאר אז זיי וועלען אבגעבען רעכנונג, עפענטליך אדער פריוואט. די פיהרער פון אונזערע חברות בעדארפען געדענקען, אז זיי האבען צו טון מיט צדקה־געלד, וואס איז צונויפגענומען פון מענשען, וועלכע געבען אפט אוועק דעם לעצטען גולדען. אזא געלד איז הייליג און פאדערט די שטרענגסטע רעכנונג.

און דער בעסטער, פאסענדער ארט, צו אבגעבען חשבון, זענען די יודישע צייטונגען.

ערשטענס, וועט אויפהערען דאס בלינדע נאמנות און דאס פרייע ארומגראבלען פון געוויסע הענט אין קהל'שע געלד. יעדער גבאי וועט וויסען, אז ער מוז אבגעבען דין וחשבון עפענטליך, וועט ער גאר אנדערש זיך אנקעהרען צו זיין ארבייט, ער וועט וויסען אז מען קאנטראלירט איהם.

צווייטענס, אז די מיטגלידער וועלען זעהען א גענויע רעכנונג פון זייער געלד, וועט ביי זיי די חברה ערשט בעליבט ווערען. זיי וועלען זיך איבערציינען, אז זייער שווער פארהארעוועטער גראשען געהט ניט לאיבוד, נאר ווערד ווירקליך בענוצט צום וואהלטעטיגען צוועק.— צום בעווייז קענען אונז דיענען די עטליכע חברות, וואס האבען טאקי איינגעפיהרט צו דרוקען יעהרליכע חשבונות. מיר זעהען, אז זייערע

מיטגלידער מעהרען זיך פון יאהר צו יאהר, זייערע הכנסות ווערען אלע מאל גרעסער און זייער גוטער נאמען פארברייטערט זיך מעהר און מעהר.

דריטענס, וועלען מיר דורך די געדרוקטע רעכנונגען קאנגען האבען א בעגריף פון אונזערע צדקות און חברות. מיר ווייסען, אז קיין פאלק האט ניט אזוי פיעל חברות צו שטיצען ארימע, צו העלפען און טון גוטס, ווי יודען; מיר ווייסען, אז קיינער גיט ניט אויף צדקה־זאכען מעהר פון זיינע כחות — ווי דער יוד. אבער וויפיעל בעטרעפט די סומע פון אונזערע עפענטליכע צדקות? וויפיעל קאסטען אונז די חברות? וואס ווערד דורך אונזער געלד אויפגעטאן? וויפיעל ארימע לייט ווערען דורך דעם געהאלפען? דאס אלעס ווייסען מיר ביז יעצט ניט. ווען מיר האבען אבער א גענויע סטאטיסטיק פון אלע אונזערע חברות און וואהלטעטיגע אנשטאלטען און פון זייער ארבייט, וואלט אונז פיעל גרינגער געווען צו פארענטפערען א סך פראגען אין אונזער פאלקס־לעבען.

אויף די חברות, וואס דרוקען אין בעזונדערע ספרים אדער בראשורען זייערע חשבונות, ברויכען נאך אונזער מיינונג, פארעפענטליכען אין צייטונגען א קורצען סך־הכל פון זייער ארבייט.

יעדע חברה בעדארף וויסען, אז זי איז א טייל פון גאנצען פאלק און פון איהרע מעשים בעדארפען וויסען ניט נאר איהרע מיטגלידער, אבער דאס גאנצע פאלק.

---

## דער פאגראם אין קישינוב.

אין דעם רוסישען בלאט „פראוויט. וויעסט." נומער 82 געפינט זיך די דאזיגע ידיעה: דעם 6 און 7 אפריל זענען די ארבייטער פון דער שטאדט קישינוב איבערפאלען די דארטיגע יודען. אנגעהויבען האבען זיך די אונרוהען מיט ראבעווען די געוועלבער און די הייזער, וואו יודען וואהנען, באלד אבער איז עס ערנסטער און שטרענגער געווארען. עס האבען ניט געהאלפען די פאליציי, וואס איז באלד אנגעקומען און אפילו ניט די סאלדאטען, וואס האבען זיך מיהע געגעבען איינצושטילען די אונרוהען. דער המון האט ניט אויפגעהערט צו ברעכען די פענסטערס אין די יודישע הייזער (צופעליג זענען אויך איינגע פענסטער פון קריסטליכע הייזער צעבראכען געווארען) און האבען חרוב געמאכט און צעראבט זייער פארמעגען. אויף דעם צווייטען טאג האבען זיך די אונרוהען געגען יודען פון דאס ניי נאך שטארקער אנגעהויבען, חאטש מען האט ארויסגערופען מיליטער. עס איז אויך ארויסגעקומען א געשלעג, מען האט זיך בענוצט ניט נאר מיט שטיינער און שטעקענס, נאר אויך מיט אייזערנע שטאנגען און פיסטאליעטען; 25 מענשען זענען גע'הרג'עט געווארען, 75 שטארק פערוואונדעט און איין ערך פון 200 לייכט פערוואונדעט. לויט דעם בעפעהל פון דעם מיניסטער דעם אינערן האט מען אויף די שטאדט קישינוב און דעם אויעזד ארויף געלייגט די געזעצע פון שטרענגע בעוואכונג.

דאס קישינובער בלאט „בעסעראבעץ" שרייבט וועגען די אונרוהען אין קישינוב: געגען אוועגד פון דעם ערשטען טאג „פאסחי" און דעם גאנצען צווייטען טאג האבען זעהר פיעל שכורים צוזאמען מיט ניט דערוואקסענע קינדער אין פערשידענע אבטיילונגען פון דער שטאדט געמאכט גרויסע אונרוהען, זיי זענען זיך צעלאפען ערשט ווען עס זענען אנגעקומען פאליציי און מיליטער, זיי האבען ניט נאר פענסטער צעבראכען נאר אויך הייזער און געוועלבער איינגעבראכען און אויס געראבירט. דאס רוב האבען געליטען יודען, חאטש עס איז געווען פארפעלע, אז מען האט אויס ראבירט די וואהנונגען פון די גארדאוואיען, אקציזניקעס א. ד. ג. מען האט אויך אויסגעשלאגען פענסטערס אין דעם דרוק פון דער „גובערנסקי פראוולעניע" און נאך אזוינע רעגירונגס הייזער. דער עיקר האבען געליטען די ארעמע קלאסע.

די „נאוואסטי" טעלעגראפיערט מען: דער חורבן איז שרעקליך, צעהנדליגער מענשען זענען גע'הרג'עט, הונדערטער — פערוואונדעט,

---

# פעליעטאן.

## מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

### קאפיטעל א.

### רעדט פון גנבים.

ניט־יודען האבען איהם גערופען מאשקע, יודען האבען איהם פארצויגען מאשקעלע און צוגעזעצט א צונעמעניש גנב, מחמת ער איז געווען א גנב. דאס הייסט זיין פרנסה איז געווען גנבה.

און גנב'ענען, האט ער געגנב'עט נאר פערד. אויף גנבה־לשון איז נישטא מע זאל גנב'ענען פערד; פערד־גנבים. אז זיי רעדען פון זייער מלאכה, זאגען זיי: „געשאכטען א פויגעלי", „אבגעקייטעלט און „ארויסגערופען" פון שטאל, „אוועקגעפלינטעט" מיט'ן פויגעל אויפ'ן יריד, אונטערגעפידעלט" ביי א ציגיינער, „אויסגעבייטשעלט" מיט א בעל־עגלה, צונויפגענומען די „באבקעלעך" און געקומען ריין ווי א טעלער — אט דאס איז די שפראך פון פערד־גנבים. אט דאס איז זייער זשארגאן.

צווישען גנבים בכלל איז ניטא דער נאמען „גנב" און דאס ווארט „גנבה". פארהאן א „מרויחער" (א קעשענע גנב), איין „ארלער" (איין אנטלאפענער גנב), א „וועשער" (א נאכט גנב), א „חלאמידניק" (א קליידער גנב), א „שפאן" אדער א „רויטער" (גלאט א גנב) וכדומה. נאר א פערד גנב דאס איז גאר ניט פארהאן, נישטא דאס מין; פארהאן איין „אמאטער", דאס הייסט א ליבהאבער פון פערד.

און מאשקעלע גנב איז געווען א גרויסער ליבהאבער פון פערד, א פערדל איז ביי איהם געווען דאס חיות. אנידערזעצען זיך אויף א פערדל רייטענדיג, פליהען פייל אויסען בויגען, שפרינגען משוגע־נערוויז איבער בערג און איבער טאלען, איבער וועלדער און איבער טייכען — דאס איז געווען זיין ארבייט נאך פון יונגעלוויז אן, ווארום פערד האט ער געזעהען נאך ביי זיין פאטער, דעם נביא יונה, וואס ער איז אליין אויך געווען כל־ימיו א פערד־גנב... פארדאן! נישט קיין גנב נאר א „נביא".

איהר ווייסט וואס הייסט א נביא? א נביא צווישען פערד־גנבים, פערד־הענדלער און בעלי־עגלות, הייסט א „טרעפער", א

טויזענטער — פערראומגליקט, אהן איין ארט וואו צו נעכטיגען, אהן א שטיקעל ברויט צום עסען, די געוויינען, קרעכצען און געשרייען איז נישט צו בעשרייבען.

„דער פריינד" ברענגט פון „הזמן" אויס קישינוב.

(7־טען אפריל, 8 ½ אזייגער אין אבענד.)

דער פאגראם האט געדויערט א גאנצען טאג. כמעט אין אלע גאסען איז מען אנגעפאלען אויף יודען. די קלייטען זענען צעראבעוועט, סחורה וואלגערט זיך צעטראטען אויף די גאסען. די הייזער זענען חרוב, מעבעל און כלים זענען צעבראכען. אין דער לופטען טראגען זיך פעדערען פון קישענס און פערענעס, עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דעם שרעקליכען חורבן. דער היזק דערגרייכט ביז עטליכע הונדערט טויזענט רובל. מאסען מענשען זענען געבליבען אהן שום מיטלען.

די בתי מדרשים זענען צעראבעוועט, אין דער „אהרן־מלמד'ס" שוהל אויף איזמיילאווער גאס זענען צעריסען געווארען ביז צוואנציג ספרי־תורות און פאראונרייניגט געווארען אויף די גאסען אויף א שענדליכען אופן.

א טויטע שטילקייט און פינסטערניש איז איצט אומעטום. די די הייזער שטייהען פארחתמ'ט. דא און דארט הערט זיך א קרעכץ, וואס נעהמט אן פאר'ן הארצען.

(דעם 8־טען אפריל. האלב אכט א זייגער אין דער פריה.)

די גאנצע נאכט זענען פאטרולען ארומגעגאנגען איבער די גאסען. די פאליציי האט איבערגעגעבען דעם מיליטער די השגחה איבער די ארדנונג אין שטאדט. ס'איז ארויסגעגעבען געווארען א בעפעהל, צו שיסען אין פאל פון נייע אונארדנונגען.

(דעם 8־טען אפריל, האלב צוויי ביי טאג).

האלב צוועלף בין איך געוועזען אין דעם יודישען שפיטאל. ביז איצט זענען אהין געבראכט 173 פארוואונדעטע מענער און פרויען, 53 פון זיי זענען שווער פארוואונדעט און שוועבען לעבען און טויט. אין שפיטאל זענען געבראכט געווארען 24 דערהרג'טע (מענער) און איין צוויי יאהריגעס קינד.

דער דאקטאר פון דעם זעמסקען שפיטאל האט מיר געזאגט, אז אהין זענען געבראכט 10 פארוואונדעטע יודען, דריי דערהרג'טע און איינער, וויים ביז איצט ווייסט מען ניט, צו וועלכען גלויבען ער געהערט.

ביז איצט איז שטיל. אויף אלע גאסען שטעהען סאלדאטען און היטען אב די ארדנונג.

מעהר פון אלץ האבען געליטען די גאסען:

ניקאלאיעווסקאיא, ציליסקאיא, גאסטינאיא, באלאנאווסקאיא, אלעקסאנדראווסקאיא, בולגארסקאיא, ארמיאנסקאיא, קיעווסקאיא, פאנסקאיא, לעאווסקאיא, פאדאלסקאיא מעשטשאנסקאיא, אסטאפאווסקאיא, איזמאילאווסקאיא, קופעטשסקאיא, חארלאמפיעווסקאיא.

דעם מאסקאווער בלאט „רוס. סלאוואָ" שרייבט מען: הונדערטער פאסאזשיר'ען זענען אם 8־טען אפריל געקומען קיין אדעס פון קישינעוו און איבערגעלאזען דארט זייערע הייזער און פארמעגען. א סך איז נאך געלונגען מיטצונעמען מיט זיך עטוואס פון זייערע זאכען.

— דעם 9 אפריל האט דער „סליעדאוואטעל" פוי קישינוב, צוזאמען מיט א דאקטאר געמאכט איין אונטערזוכונג איבער די יודישע הרוגים, וועלכע זענען געהרג'עט געווארען בשעת דעם פאגראם. אין גאנצען זענען דא 37 יודישע הרוגים. וועלכע א טייל האט מען אוועקגעטראגען אויף דעם יודישען בית עולם און א טייל אין די יודישע שפיטאלען. די סבות פון זייער טויט איז זעהר לייכט געווען צו געפינען, ווייל אלע זענען געווען פארוואונדעט אין קאפ, מיט שווערע טעמפע געצייג—מיט שטיקער צעבראכענע מעבעל, שייטען האלץ און שטעקענס, און דעריבער האט מען זיי נישט געפאלטעסט. אין דעם יודישען שפיטאל געפינען זיך 62 יודען, וועלכע זענען שווער פארוואונדעט. דאס רוב פון זיי האבען קיין האפנונג נישט געזונט צו

מענש וואס טרעפט. און דער נביא יונה פלעגט טרעפען. האט זיך געמאכט. מע האט ביי א בעל עגלה ארויסגעפיהרט אפאר פערד פון שטאל. איז מען געגאנגען צום נביא.

— רב יונה וואס טהוט מען? ס'איז שלעכט, מע האט דאך ביי מיר היינטיגע נאכט ארויסגעפיהרט אפאר פערדלעך. גיט עפים איין עצה, רב יונה!

דער נביא יונה, איין אלטער, א גרויער, מיט קאסאקע אויגען, וואס איינס קוקט קיין דרום, דאס אנדערע קיין צפון. רעדט נישט קיין סך, טהוט א פרעג:

— וואסערע?

— איינער א בולאנער, איינער א ווייסער מיט פלעקען. ערשט ניט לאנג געבראכט צו פיהרען פון „ספאס", ארויסגעביטען אויף מיינע צוויי שקאפעס. איהר דארפט זיי געדענקען, רב יונה, געווען וואהלע שקאפקעס, צו וואס האב איך זיי בעדארפט אויסביטען, וועלכער רוח ווייס איך אליין ניט! ער האט זיך צוגעזעצט צו מיר, עזריאל, מיט'ן קאפ זאל ער אנליינען; בייט, זאגט ער צו מיר, וואס וועט אייך ארען, אז איהר וועט ביטען? בין איך געגאנגען און האב געביטען. און איצט האט מיך געטראפען אזא אומגליק, גוואלד, רב יונה, גיט עפים איין עצה!

דער נביא יונה קוקט אן א זייט און די קאסאקע אויגען ביי איהם ברענען.

— א „רויטינקס" וועט זיין פאר דער ארבייט?

— א רויטינקס? וואו זאל איך נעמען? ס'היינט ביטערע יאהרען, רב יונה, שווערע יאהרען, אפשר וועט זיין גענוג א „גרינס" רב יונה?

דער נביא קוקט אן א זייט און די קאסאקע אויגען ברענען. ער שניידט אב ווי מיט א מעסער.

— א „רויטינקס"!

— אפשר א „בלאווס", רב יונה?

— א „רויטינקס"!

דער בעל עגלה קראצט זיך, זאגט צו א „רויטינקס" און געהט אוועק און לייגט זיך שלאפען און אויף מארגען, אויפגעשטאנען גאנץ פריה, טרעפט ער די פערדלעך ביי זיך אין שטאל.

בקצור — מאשקעלע גנב איז געווען א גנב־בן־גנב.

(פארטזעצונג קומט).



ווערען. ווער די הרוגים זענען ווייסט מען נאך נישט דערווייל. אין דעם זעמסקי שפיטאל זענען דא צוויי קריסטליכע הרוגים.

אין די צייטונג „נאוואסטי" געפינען מיר די דאזיגע ווערטער:

דער „בעסעראבעץ" שפרינגט אויס דער הויט, ער וויל ארויפציהען אויף זיך א פרומע מאסקע און זיין א וצדקתך׳לע. דער סעליעטאניסט פון דער דאזיגער צייטונג ה׳ וויץ בעמיהט זיך צוערשט חאטש ווי עס איז ארויסצוקוועטשען א טרער „פאר די וואס האבען געליטען פון פאגראם":

„נאכדעם ווי איך האב אנגעשריבען די דאזיגע שורות זענען פארביינגעגאנגען צוויי טעג — אה, וועלכע טרויריגע איינדריקע! איצטער דרייט זיך מיר אין קאפ די פראגע, ווי האט געקאנט דער דאזיגער רוהיגער שטילער ארימער עולם זיך בעגעהן מיט נאך אזוינע רוהיגע שטילע בירגער ווי מיט א סטאדע ווילדע חיות? האבען זיך אויף זיי ארויפגעווארפען און האבען חרוב געמאכט זייערע הייזער, זייער פארמעגען, וועלכע זיי האבען צוזאמענגעקליבען אין א סך יאהרען, אויף וועלכע, עס קאן זעהר זיין, אז זיי האבען שווער געארבייט. דאס רוב וואס זענען געפאלען אלס קרבנות אין דעם פאגראם זענען דאך אויך די איינענע ארימע לייט ווי די וואס האבען געמאכט דעם פאגראם. צי האבען זיי דען נישט געוואוסט, ווי ווייט די דאזיגע ווילדע בעהאנדלונג איז געגען דעם קריסטליכען גייסט און נאך מעהר אין אזוינע הייליגע טעג פון ברידערשאפט און ליבע? זיי הערען דאך שטענדיג פון דעם אין די „צערקוועס" און עס קאן זעהר מעגליך זיין, אז אויך אין דער נאכט פאר דעם.

נאך אזוינע גוטע ווערטער, וועלכע פאסען גאר נישט פאר די חניפעניקעס, וועלכע האבען זיך געמאכט פאר א פרנסה צו רייצען און צו העצען אויף א פאלק, וואס האט נישט ווער עס זאל זיך פאר איהם אננעמען, איילט זיך דער אייגענער שרייבער (איינער פון די וועלכע האבען בעשאפען דאס פאנטאסטישע עלילת דם אין דובאסאר) צו ענטפערען אויף זייגע פראגען:

„ווי זאן דער המון, וועלכער בעשטעהט דאס רוב פון מיטלען קלאס, וועלכער איז גאר נישט פעהיג צו בלוטיגע פארברעכען, מיט קאלטע הערצער ראבירען און הרג׳ענען די עלענדע? די ענטפער אויף דיזער פראגע בעשטעהט אין דער פסיכאלאגיע פון דעם המון, וועלכער איז לייכט זיך אונטערצוגעבען די ווירקונג פון די איינצעלנע מיטגלידער".

געוויס, טאקי אט די „מיטגלידער" פון דעם המון זענען, צום אומגליק פון דער מענשהייט, געלעהרענטע און טונקען זייער פעדער אין אלערליי אומריינקייטען, ווארפען צווישען פאלק טויזענטער בויגענס צייטונגען, וועלכע זענען פול מיט גיפט, וואס פארדארבט די זיטליכקייט און מאראל.

ווייטער שרייבט די „נאוואסטי", אז עס איז נישט ריכטיג, וואס דער „בעסאראבעץ" שרייבט, אז דער פאגראם האט געהאט איין אלגעמיינעם חאראקטער, נאר עס איז געווען בלויס געגען יודען.

אויך ברענגט די „נאוואסטי", אז אין קישינוב געפינען זיך מיליטער: דריי פאלקען, צוויי בריגאדען און איין רעזערווער באטאליאן און די צאהל פון די פאליציי דערגרייכט ביז 300. די צאהל פון די פאגראמשציקעס איז נישט מעהר ווי 300.

---

ביים שליסען דעם נומער האבען מיר בעקומען א בריף פון קישינוב געשריבען אויף דער הייסער שעה: וואס עס איז פארגעקומען אין קישינוב ווייסט איהר שוין. מיר איז בעקאנט דאס ווארט „פאגראם"... צופיעל בעקאנט, אט ווי איצטער זעה איך יודישע דערשראקענע פנים׳ער, וועלכע לויפען ארום ווי פארסמ׳טע מייז, איך הער דאס ווילדע היקען און שרייען פון דעם המון, וואס ראבירט יודיש פארמעגען. איך זעה ווי פעדערען פליהען, צעבראכען מעבעל, צעווארפענע סחורות פון יודישע קלייטלעך, ווי מען טרעט מיט די פיס יודיש ארעמע פארמעגען, דאס געשריי מישט זיך אויס אין דער לופט צוזאמען מיט די פעדערען.

---

# „בן ציון, אדער אווארט צו ציוניסטען".

„הערויס געגעבען פון חיים הירש הורוויץ——טשערניגוב, גוב׳.
בערדיטשוב. דרוק פון חיים יעקב שעפטעל.

בעהיט מיך גאט פון מיינע גוטע פריינד
(איין אלט גלייך ווארט.)

וואס איז דאס פאר א מין ביכל? פאעזיע אדער פראזע? ווער איז זיין מחבר? דאס אלץ זעהט מען ניט ארויס פון דעם שער בלעטל, על כן בעדארף מען זוכען ווייטער. איך קער איבער דאס שער בלעטל, זעה איך פאר זיך כמעט א ליידיג בלעטל, ניט מעהר ווי עטליכע לשון קדש׳דיגע ווערטער אויף איהם, בזה הלשון: „חיבורי זה הובא לבית הדפוס ע״י הבחור החשוב ממשפחה כבודה היה מ׳ ישעיהו ב״ר יהודה דוב טוראווסקע יליד טשערניגוב. יהי׳ שמו וזכרו לעד כאנות המברכו בלב שלמה. המחבר".

פון די עטליכע ווערטער דערגעה איך ערשטענס, אז דער מחבר איז ניט א פשוטער זשארגאניסט, חלילה, נאר אבעל לשון קדש אויף דערצו, און אונזערע לשון קדש׳דיגע סטריאפטשעס וועלען געוויס האבען אנייע סבה רייסען אויף זיך די האר, למאי דער זשארגאן האט ביי זיי צוגעכאפט אזא כלי יקר. אמת זיין לשון קדש איז ניט נאר מה־יפית׳דיג—עס ווייזט אויס, אז דער מחבר הינקט אונטער אויף דעם דקדוק, נאר, זאגט וואס איהר ווילט, דאס איז דאך פארט לשון קדש. צווייטענס דערגעה איך, אז ניט ר׳ חיים הירש הורוויץ אליין האט געהאט די זכיה ארויסגעגעבען דאס ביכל, נאר הבחור החשוב... ישעיהו ב״ר יהודה דוב טוראווסקע יליד טשערניגוב אויך דאצו. אבער ווער איז פארט דער מחבר? ווייס איך אלץ ניט. הכלל מע מוז זוכען ווייטער.

איך לייען שען די אזהרה פון דעם מחבר, אז מע זאל, חס וחלילה, גאט זאל שומר ומציל זיין, ניט אונטער שטעהן איבערדרוקען דאס טייערע ווערק אהן דעם מחבר׳ס ידיעה, און ווייס אלץ ניט ווער איז דער מחבר. איך לייען שען, מיט מזל, די „פאר־רעדע". דא שיטען זיך פסוקים פון מחבר׳ס מויל ווי ארבעס פון אלעבערדיגען זאק, און יעדער פסוק איז פארטייטשט כפתור ופרח—עס צוגעהען ממש די ביינער לייענענדיג. ע־שטענס דערמאנט דער מחבר די ציוניסטען א פסוק: „וברכתיך בכל אשר תעשה?—„איך וועל דיך בענטשען אין אלע דיינע טואונג". דערנאך בענטש ער זיי מיט כל הברכות און תכף ומיד פרעגט ער טאקי ביי די ציוניסטען א שאלה: „אפשר איז מיין „פאר־רעדע" ניט נייטיג? כי לא המדרש העיקר אלא המעשה—דאס הייסט וואס טוינ די פירושים, דער עיקר איז דער אינהאלט" (אבנעטייטשט ווי א מזיק!) נאר דא קומט צו הילף ווידער א פסוק: שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך", און אונזער מחבר דערווייזט מיט ראיות, אז מע בעדארף טון ווי די אלטע מחברים האבען געטאן, און זיי פלעגען דאך שרייבע

און פון די דערשראקענע יודען, יודישע טעכטער און יודישע קינדער הערט מען קיין קול ניט, זיי קוקען נאר ארויס פון זייערע בע־האלטענע לעכער מיט דערשראקענע אויגען, זיי זענען ווי פארגליווערט, ווי פארשטיינערט און פארטיידיגען זיך אפילו ניט, זיי נעמען צו די קלעפ פון די פאגראמטשיקעס שווייגענדיג.

זיי שווייגען און דערפאר זענען זיי ניט דערהרג'עט אויף טויט, נאר צעוואונדעוועט און בערויבט, ארעם, נאקעט און אהן א היים, אהן א ווינקעל, וואו דעם קאפ אנידער צו לעגען, אהן א שטיקל ברויט פאר ווייב און קינדערלעך.

דאס אלעס האב איך געזעהען אין אנהויב פון די 80־טע יאהרען אין פארשידענע שטעדט אין פאדאליע.

און איצטער זעה איך דאס אין בעסאראביע אין קישינוב נאך שרעקליכער. פיעל צעהנדליגער יודען פאלען טויט אונטער די הענט פון די פאגראמטשיקעס, ווייל בעסעראבער יודען פיהלען זיך שטענדיג שטארקער, געזונטער פון די שוואכע פאדאליער און האבען מיט זייער כח ניט געוואלט דערלאזען, מען זאל זייער ביסל ארימקייט, אוועק־רויבען און א תל מאכען, זיי האבען גלייכגילטיג ניט געקאנט צו־זעהען ווי מען רייסט און מען שענדט ספרי־תורות — דאס הייליגסטע ביי יודען און האבען זיך געראנגעלט, נאר פרויען און קינדער האבען זיך בעהאלטען און די מאנספילען האבען זיך געראנגעלט און דערפאר איז פון זיי געפאלען פיעל הרוגים.

איינער האט אויף א דראשקע געוואלט אפפיהרען זיין פרוי און קינד צום וואגזאל. זיי זאלען אוועקפאהרען פון קישינוב, האבען די פאגראמטשיקעס איהם ניט געלאזט פאהרען, נאר ער האט זיך געראנגעלט און איז גע'הרג'עט געווארען פאר די אויגען פון זיין ווייב און קינדער.

אפאר יודען האבען פון די פאגראמטשיקעס הענט געריסען א תורה, וואס זיי האבען ארויסגעשלעפט פון א בית המדרש און צוויי יודען זענען דערפאר געפאלען געהרג'עט.

די האר שטעלען זיך קאפויר פון דעם אלעם, וואס איז איצטער פארגעקומען אין די צוויי טעג אין קישינוב. עס איז שווער אויף דער הייסער שעה, ווען דאס הארץ איז פארביטערט, אלעס איבערצוגעבען, דאס ארימקייט, דאס דערשלאגענהייט, דאס געפאלענהייט פון די אומגליקליכע אבגעראביערטע.

דאס אומגליק איז שרעקליך און מען ברויכט א סך הילף, פאר די פאראומגליקטע. אין קישינוב איז שוין פאר זיי געווארען קריסטליכע און יודישע קאמיטעטען זיי צו העלפען, אבער דאס איז ווינציג פאר דעם גרויסען אומגליק, מען דארף האבען אויך פון ווייטערע שטעדט הילף, נאר באלדיגע הילף.

---

נדבות פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב דורך די אדמיניסטראציאן „יודישע פאלקס־צייטונג" אין קראקוי:

ה' י. ראמבערג 10 רובל. ה' ל. שלקוביטש 5 רובל; ה' מ אייזענשטאדט 3 רובל; ה' מ. ספעקטאר 2 רובל; ה' ש. ל. גארדאן 1 רובל; ה' י. שאף 1 רובל; ה' ש. ז. גוטמאן 1 רובל; ה' צ. ה' יפה 50 קאפ'; ה' גאלינטערניק 50 קאפ'; ה' מ. קאפלאן 50 קאפ'; ה' ש. מ. לזר 50 קאפ'.

ס"ה 25 רובל.

---

# פאליטישע ענינים.

(די ארבייטער־בעוועגונג אין האלאנד. אונרוהען אין שפאניע. פראנקרייך שרעקט זיך. איטאליע האט חשק צו אלבאניע. די לאגע אין טערקיי)

אין האלאנד האבען די ארבייטער געמאכט א בונט, די הויפט אנפיהרער פון דעם בונט זענען די באהן־ארבייטער. די סבה פון דעם בונט איז איבער צוויי סבות. די ערשטע, וועלכע איז אויך די הויפט סבה, איז צו פראטעסטירען עפענטליך געגען די נייע געזעצע, וועלכע מען האט נישט לאנג פארגעלעגט פאר דעם האלענדישען פארלא־

---

הקדמות, לכן שרייבט אונז דער מחבר אויך א „פאר־רעדע", און ער ערקלערט, אז „מיין אורזאכע פון שרייבען איז, יעדער איינציגער זאל לעזען, געוועהנטליך, אז מע וועט לעזען וועט מען טאקי קויפען דעם חבור (נו, דאס איז נאך קיין ראיה ניט), נו און דאס איז גראדע אויך מיין וואונש" (אט דא ליגט דער הונט באגראבען!).

ווייטער ערקלערט דער מחבר, ווי נייטיג איז דעם פשוט'ען לעזער וויסען וועגען דעם הייליגען רעיון, און איז מבטיח, אז „דער לעזער וועט פערגניגען האבען און פארשטיין גוט ווי הייליג די אידעע איז, און „גאט זאל אונז ענפערען (דער מחבר האט ליב אפט רעדען מיט גאט), ווי מיר יודען בעטען: ושא נ"ס לקבץ גליותינו". אויף דעם ווארט „נס" שטעהט א שטערן, און אונטען דאצו א בעמערקונג פון דעם מחבר: „איך דיינק אז ליגט אין ווארט נס—נארדאוס סברה, דער נון גייט אויף דעם ווארט נארדאו, און דער ס' אויף דעם ווארט סברה".

אונזער מחבר איז קיין עין הרע, א מקבל אויך—ער געפינט רמזים און סודות, אמת איין אפיקורס, אדער גלאט א לץ, קאן זאגען, אז מיט דעם מחבר אליין האט זיך געטראפען א „נס" (נוטריקון: א נארישע סברא). נאר וועמען ארט דאס, וואס אפיקורסים קענען זאגען? געגען זיי האט זיך אונזער מחבר־מקבל בעווארענט מיט א גוטער תפלה: „ולמלשינים אל תהי תקוה, זאל גאט היטען, להכעים אלע אלע אנטיסימיטען, מיר זאלען האבען אין זינען אין ניכען אונזער לאנד ציון געפונען, און אויף דעם פלאן דעם נייעם, וועלען מיר זאגען הויך, ברוך מנחם ציון וירושלים", איצט איז דער מחבר רוהיג און חתמ'ט זיך: „הקול מבשר, דער פערפאסער".

היינט נעה טרעף דעם מחבר'ס נאמען, מילא, א ברירה האב איך? מע מוז שען זעהען וואס טוט זיך ווייטער. דא קומט פאר דעם לעזער א שיר: „דער על חטא". דער מחבר האט, אפנים, איבער געטאפט אלע זיינע חטאים און האט זיך נעחאפט, אז אין יום כפור'דיגען על חטא פעהלען איינגע, לכן קלאפט ער זיך איצט על חטא:

„פאר דעם כבוד פון „אלטע ציונים"
„וועלכע ארגאניזירין דעם פלאן גלייך,
„האט איר מיך נאך איינעם
„וואס איך בין מודה ברידער אייך".

וועלכען פלאן ארגאניזירען „די אלטע" (דוקא) ציונים? און וואס איז מודה דער מחבר? פארשטעהען מיר ניט גאנץ דייטליך, נאר דאס וואס ער זאגט צו די ציונים.

„איר דארפט ניט מיין הסכמה"
„און מיין שרייבען איז אומזיסט,"

פארשטעהען מיר גאנץ גוט, און מיר זענען איהם אויך מודה, אז ער איז גערעכט. אין וואס זשע בעשטעהט דעם מחבר'ס חטא? ערקלערט ער אונז אזוי:

„פריער מיט אפאר יאהרען

מענט, דורך וועלכע עס וועט געשטערט ווערען די פרייהייט פון די ארבייטער. די אנדערע סבה, וועלכע איז ווייניגער וויכטיג, איז, מען זאל די ארבייטער מוסיף זיין אויף זייער געהאלט. די נייע געזעצע, וועלכע מען האט פאר דעם פארלאמענט פארגעטראגען, זענען נוגע צו די וועלכע העצען אויף די ארבייטער, זיי זאלען אויפהערען ארבייטען. לויט די דאזיגע געזעצע וועלען העצער שטארק בעשטראפט ווערען. דער עיקר פארדריסט די ארבייטער די דאזיגע געזעצע, ווייל זיי מיינען אז דאס האט האלאנד נאכגעטאן דייטשלאנד, דען די לעצטע צייט איז די שנאה פון דעם האלענדישען פאלק געגען די דייטשען זעהר גרויס און וואס עס שמעקט נאר מיט דייטשלאנד וויקען זיי נישט הערען און געדענקען. דער בונט וועט אבער לאנג נישט האלטען, די האלענדער, וועלכע זענען בטבע רוהיגע מענשען און זענען זעהר טריי זייער רעגירונג, וועלען זיך ארומזעהען, אז די רעגירונג מיינט נאר די טובה פון גאנצען פאלק און אז די געזעצע, וועלכע זענען נישט נאכגעמאכט דייטשלאנד, דען אזוינע געזעצע עקסיס־טירען שוין לאנג אין ענגלאנד, וועלען פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער און וועלען ברענגען רוהע אין לאנד.

אנדערש אבער איז די ארבייטער־פראגע אין שפאניע, דען דארטען איז די פראגע פארוויקעלט מיט נאך א סך אנדערע פראגען, וועלכע קענען נישט אזוי לייכט אויסגעגליכען ווערען. דאס אמאליגע שפאניע, וואס האט א מאל בעהערשט א האלבע וועלט, איז היינט זעהר קליין און שוואך, דאס אבער שטערט איהר נישט צו האבען פארשידענע פארטייען, וועלכע האבען שטענדיג סכסוכים צווישען זיך, די יעזואיטען מיט די פריי־דענקער, די ארבייטער מיט די קאפי־טאליסטען, די קארליסטען מיט די רעגירונג. אט די אלע פארטייען האלטען שטענדיג מלחמה צווישען זיך און דערפון איז געווארען א שטארקע בעוועגונג, וועלכע פארלאנגט, מען זאל אין לאנד איינפיהרען א רעפובליק ווי אין שווייץ און דער יונגער שפאנישער קעניג איז זעהר בעזארגט, מען זאל איהם נישט צונעמען די ממשלה פון זיינע הענט.

אזוינע פארטייען ווי אין די קליינע קאטוילישע שפאניע זענען אויך דא אין דעם גרויסען קאטוילישען פראנקרייך, דארטען זענען אויך דא יעזואיטען און פריי־דענקער, ארבייטער און קאפיטאליסטען, רעפובליקאנער און מאנארכיסטען און די לעצטע צייט זענען נאך צוגעקומען ראדיקאלען און נאציאנאליסטען אדער ווי זיי הייסען היינט דרייפוסארען און אנטי־דרייפוסארען. פונדעסטוועגען שרעקט זיך דער פרעזידענט לובע פאר דעם נאר נישט. ער מאכט זיך איצט א לוסט רייזע אין אלזשיר און האט גרויס כבוד פון די אייראפייעשע און אמעריקאנישע פלאטען. וועלכע זענען צוגעשיקט געווארען אין די פראנצויזישע פארטען צוליב זיין כבוד. ער שרעקט זיך אפילו נישט פאר דעם קלאנג, וואס איז ארויס, אז די אלטע קייזערין אייזשעניע, די אלמנה פון נאפאלעאן דעם דריטען, וויל צוזאמען מיט דעם קאר־דינאל ראמפולא, דער סעקרעטאר פון פאפסט, אנמאכען א מלחמה אין פראנקרייך. ער ווייסט, אז דאס איז נאר א פוסטע פאנטאזיע, וואס די לייכט גלויביגע פראנצויזען האבען ליב. ער ווייסט, אז ער קאן זיך פארלאזען אויף דעם מיניסטער־פרעזידענט קאמב, וועלכער האט נישט לאנג בעוויזען זיין מוט און האט אראבגעווארפען דעם אלזשירער גענעראל־גובערנאטאר ריוואאל דערפאר וואס ער האט אויסגעטראכט א בלבול אויף קאמב'ס זוהן, אז ער האט זיך אונטער־גענומען צו בעקומען איין ערלויבניש פאר די ארויסגעטריבענע גייסט־ליכע, צוריק צוקומען אין פראנקרייך, ווען מען זאל איהם געבען א מיליאן פראנק. לובע איז זיכער, אז קאמב וועט אויספיהרען אלץ וואס ער האט זיך אונטערגענומען און אז ער וועט איינשטילען די אונ־רוהען, וואס הערשען איצט אין פראנקרייך מחמת די גייסטליכע, וואס מען פארשליסט זייערע שולען.

פראנקרייך ארט אפילו נישט, וואס איהר שכנת'ע איטאליע האט גרויס חשק צו צונעמען אלבאניע פון דער טערקיי און עס מאכען פאר איין איטאליענישע פראווינץ, אזוי ווי עסטרייך האט געמאכט מיט באסניע און הערצעגאווינא. פראנקרייך וועט איהר אין דעם נישט

„האב איך געהערט פון ציוניסטין אנעשריי—
„האב איך מיין דעת פארלארען
„אז דארף זיין ניט אויי״.

וואס פאר א פחדן א יוד איז! ציוניסטען האבען געגעבען א געשריי דערשרעקט זיך אונזער מחבר און פארלירט, נעביך, זיין דעת, היינט בעטראכט דאצו זיין אומגליק: געווען ביי איהם — משטיינס געזאגט — אביסל דעת, און איצט ניטא — ווי אין וואסער אריין; גאר קיין גוטס אהן שלעכטס איז ניטא. פארלארען דעם דעת ווערד אונזער מחבר א פאעט, און „קלאפט זיך אין הארצען על חטא״ און ווערד א בערע־נעדיגער ציוניסט. אמת, בכדי זיין א ציוניסט בעדארף מען האבען דווקא פיעל דעת, נאר אונזער מחבר איז ניט קיין פשוט'ער ציוניסט, נאר — א נביא־אציוניסט (לקיים מה שנאמר: „אנ.... איז א נביא״), לכן קאן ער אויסקומען אהן דעת און זאגען נביאות:

אונ אין ציון וועלען מיר ריידען
ווענען אלע גוטעס געך
„וואו נבי״ה וועט זיין מיט אלע יודען
„און אהין וועט קומען אונזער משיח״.

מילא די גראמען זענען ניט נאר גוט, דערפאר זענען זיי גאנץ פרום, און מע בעדארף וויסען אז

„דאס האט איך בעגריסט
„פאר אייער גוטען נוטץ (?)

„איוד אהייסער ציוניסט
„חיים הירש הורוויץ״

אזא מעשה! ר' חיים הירש, הייסט עס, איז ניט נאר דער הערויסגע־בער, נאר אויך דער מחבר פון אט דאס ווערק! „נבי״ה״ מיט אייך, ר' חיים הירש, וואס זשע האט איהר זיך געשעמט אויס זאגען דעם סוד אויף דעם שער־בלעטל! נאר פארפאלען, ווי זאגט מען? „בעסער שפעטער איידער קיינמאל״ נעלויבט איז „נבי״ה״ פאר דעם וואס מיר האבען האטש איצט געהאט די זכיה בעקאנט ווערען מיט דעם מחבר. איצט קאנען מיר שוין מיט ארוהינען קאפ לעזען ווייטער. און וואס ווייטער אין וואלד, אלץ מעהר האלץ — א שיר נאך א שיר, ביז דאס ביכל ענדיגט זיך.

נאך דעם על חטא קומט א לאנגער שיר: „דער פורים״. אין איהם גיט אונזער פרישנעבאקענער פאעט א שילדערונג וועגען דעם ימחשמו'ניק המן הרשע מיט זיינע מסירות אויף די יודען פון פרס ומדי, וואס „זיי האבען פערחאפט די וועלט, אויף די באנען נאר זיי פליהען״ (נאך ר' חיים הירש'ס ארכעאלאגיע קומט אויס, אז מיט 2000 יאהר צוריק זענען שוין געווען אין פרס באהנען). מרדכי, נעוועהליך, האט אויך ניט געשוויגען, און האט זיך צעטענ'ט מיט המנען, אז איהם (מרדכין, הייסט עס) רופט מען ניט גרינארי, בעדארף ער ניט זיין ביי המנען א קנעכט (אקל וחומר פון צפרדע, אז דאס לייבל ברויט בעדארף זיין אקייליכ־

שטערען, נאר דערפון איז נאך נישט געזאגט, אז איטאליע וועט באמת צונעמען פאר זיך אלבאניע, דארין וועט איהר שטערען עסטרייך. דען לויט דעם פערטראג צווישען עסטרייך און איטאליע טאר איינע אן די אנדערע נישט צונעמען אפילו א שפאן ערד פון אלבאניע און מאקעדאניע, אלבאניע קאן דעריבער נישט ווערען קיין איטאליענישע פראווינץ. היינט איז נאר די שאלה ווער עס וועט מנצח זיין, די אלבאנער אדער די טערקען. לויט די לעצטע ידיעות האט די טערקישע רעגירונג זיך גענומען ערנסט צו דער זאך. זי האט געשיקט א גענעראל פעלד-מארשאל אין אלבאניע, דעם גענעראל א מאר רושאדי און האט געמאכט א נייעם וואלי (א מין גובער־נאטאר) אין א סקיב, ער הייסט שאקיר און אזוי איז זי זיך נוהג אין אנדערע ערטער, וואו עס הערשען אונרוהען. עס מאכט זיך זעהר אפט קליינע און גרעסערע מלחמות און פון ביידע לאגערס ווערען גע'הרג'עט מענשען. ווי לאנג איירופא וועט שטעהן פון ווייטען און זיך נישט אריינמישען איז שווער צו וויסען, יעדע אייראפייאישע רעגירונג, וועלכע האט אינטערעסען אין טערקיי, ווארט די אנדערע זאל מאכען דעם אנהויב, זי זאל זיין די ערשטע אין מלחמה, וועלכע מוז קומען, ווען מען זאל איהר נישט בעצייטענס פארהיטען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער אמעריקאנישער מיליאנער קארנעגי האט געשאנקען אנדערהאלבען מיליאן דאלאר אויף צובויען דעם פרידענס־שלאס אין האג פאר די שלום־שופטים.

— אין מאסקווא וועט זיך קירצליך עפענען א רוסיש־יאפאניש געשעפט, וועלכע וועט שיקען נאך יאפאן נאפט, צוקער, תבואה און נאך אזוינע זאכען און וועט ברענגען פון יאפאן אין די רוסישע גרויסע שטעדט יאפאנער סחורות.

— פון פעטערסבורג שרייבט מען, אז נישט לאנג האט מען בע־שלאסען פארצוטראגען א פראעקט, אז אלע ארבייטער זאל מען מוזען דאס לעבען פארסטראחירען.

— די צוקער פאבריק פון בראדסקי, וועלכע איז די גרעסטע אין גאנץ רוסלאנד, איז אין גאנצען אבגעברענט געווארען. דער שאדען בעטרעפט אין די מיליאנען. די פאבריק איז געוועזען פארזיכערט אויף 5 מיליאן רובל.

— ווי די רוסישע בלעטער שרייבען האבען די חינעזער בעשלא־סען צו עפענען אין פעטערסבורג און מאסקווא מאגאזינען פאר זייערע מאנופאקטאר־סחורה. אין פעטערסבורג האבען זיי בדעה אויפצובויען א הויז, וואס וועט זיין דער הויפט־פונקט פאר אלע חינעזער אין פעטערסבורג.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. ווי אונזערע לעזער ווייסען, איז דער יודישער גרא־ווער רוחאמאווסקי איצט אין פאריז. ער האט שוין געזעהען די טיארא פון סייטעספארעס און זאגט, אז דאס איז זיין ארבייט. די רוסישע בלעטער דרוקען צוליב דעם גאנצע ארטיקלען. אין די אדעסער בלע־טער געפינט זיך א שמועס וואס א קארעספאנדענט האט געהאט מיט דעם פראפעסאר פאן שטערן, דער דירעקטאר פון דעם מוזעאום פאר היסטאריע און אלטע אנטיקען אין אדעסא. שטערן זאגט, אז שוין אין יאהר 1897 האט ער געוואוסט אז רוחאמאווסקי האט די טיארא געמאכט. ער האט אויך אין א בערלינער צייטונג געשריבען וועגען דעם איין ארטיקעל, קיינער האט אבער אויף זיין ארטיקעל קיין ווערד נישט געלעגט. היינט קלינגט די וועלט מיט רוחאמאווסקין און זיינע איבריגע ארבייט שטעלט מען אין „סאלאן” אויף אויסשטעלונג.

— די חברה „צער בעלי חיים” אין פינלאנד האבען דערלאנגט א בקשה צו דעם דארטיגען סענאט, ער זאל פערבאטען שחיטה און דער סענאט האט זייער בקשה אנגענומען און פאר אפאר וואכען צוריק איז ארוים דער פערבאט. מען רעכענט אבער, אז די רוסישע רעגירונג, וועלכע פיהרט איצט איין נייע געזעצע אין פינלאנד, וועט דעם דאזיגען געזעץ געגען דער שחיטה מבטל זיין.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז א יוד, וועלכער האט מעהרערע יאהרען געוואהנט אין א דארף, וואס געהער צו דער „טשערטא” און די פאליציי האט די גאנצע צייט נישט געמאכט קיין שום קלער אויב

---

דינגער!). נאר דאס איז מעהר ניט ווי א משל, דעם נמשל פארשטעהט דאך יעדער, אז „מרדכי מיט המנ'ס געשלעג זעהען מיר אלע מינוט" און „די קליינע המן־דלעך אין די נאסען היטען אונזערע ביינער" שטענדיג. לכן צעזינגט זיך אונזער מחבר: „הערט די מרדכים די צוויי וועלכע זוכען פאר יודען אסגולה (אסגולה אויף צו פטור ווערען פון אזעלכע פאעטען ?), מאקס־נארדאו און „הערצעלס געשריי, וואס ווילען די יודישע גאולה”. נאך דעם נייט אריבער דער פאעט אויף אהויכער אקטאווע, אז „ווער עס האט אין הארצען גאט זאל פאלגען דעם יודישען פאטריאט” א. ז. וו. דער נאך צעשרייעט זיך דער מחבר, א פנים שוין אויף דער פיסטולע: „ווער עס האט נאר אגעפיהל פון אמענטשען זיין מסירת נפש גיט נאר אקוק, גאט זאל איהם נאר בענטשען, דעם יונגען דאקטאר—הירש ברוק”. נאך אט דער נאלימאטיע ווערד אונזער פאעט איינגאנצען רוהיג, און גיט אונז זיין לעצטען פערז: „ומציון יברכנו ה', ואז ימלא שחוק פינו—און אין ציון וועלען מיר זיך זעהען, ויהיי בלשוננו רנה”. א קלינגעדיגער פערז, דריי פיערטעל לשון קדש און איין פיערטעל זשארגאן, סך הכל מיט איין גרייז, לויט נאך דעם רעצעפט פון די „בלעטער” ע"ה!

באלד נאך „פורים" שיקט אונז דער פאעט א „יתום”, וואס קלאגט זיך, אז איהם איז „ביטער בא אשטיף מוטער צו זיין” און זאגט: „איך קנייטש מיט דיא שלייפין, און זוך מיין פריטשינע (?), איך מוז נאר אנטלויפען אין מיין מאמעס מדינה”. דאמאלס האפט „דער יתום" אז „דארט וועל איך רוהען פון אלע שונאים באזונדער, ביי מיין מאמע ציון, פון אלע יודישע קינדער”. אונזער פאעט האפט, הייסט עס, דארט ביי זיין מאמען ציון רוהען פון אלע שונאים „באזונדער" פון אלע יודישע קינדער. אזוי בעדארף מען טייטשען זיין לעצטען פערז בלשון הפשוט. נאר איך קאן דעם מחבר פערזיכערן, אז אלע יודישע קינדער וואלטען איהם געווים לאזען צורוה, ווען ער זאל זייער רוהע ניט שטערען מיט זיינע שירים.

נאר געלויבט איז „גב"ה”, ווי עס איז האט זיך „דער יתום" בע־רוהיגט „פון אלע שונאים באזונדער" און „די שוועסטער" קומט און בעט רחמים: „שטייט מיר אלע צוא—נוטע יודישע שוועסטער, אמאהל האט אויך געהאלפען אפרוא אונזער אלטע מלכה אסתר”. וואס פאר אמין חיה איז „אפרוא”? וואס האט די „פרוא" געהאלפען אונזער מלכה אסתר? דאס פארשטעה איך ניט דייטליך פון דעם שיר, נאר דאס ווייס איך איצט, אז אסתר המלכה איז געוועזען איין אלטע באבע. אז אך און וויי איז דעם טפש, אחשורושן, מיט זיין אויסקלייבען! מילא אנעל־בליכע, זאגט מען, איז זי געוועזן, נאר אויב איין אלטע אויך דאצו, איז דאס שוין גאר דער רוח ווייסט וואס. נאר ניט דאס בין איך אויסען, איך זאג דאס אקעגען דעם, וואס אונזער מחבר איז א גרויסער היסטאריק, ער ווייסט, למשל, אז "אמאהל איז אגם געשעהען, אין אונזערע ברידערס

ער האט דאס רעכט דארטען צו וואהנען, קאן מען איהם נישט ארויס טרייבען פון דארף.

ענגלאנד. אויף דער אספה, וואס איז געוועזען ביי דער חברה „אגודת אחים" אין לאנדאן, האט דער רב דר' גאסטער מודיע געווען, אז ער האט בעקומען פון רומעניע ידיעות, אז דאס העכערע געריכט האט בעשלאסען, מען זאל פון רומעניע נישט ארויסטרייבען די יודען, וואס זייערע עלטערן זענען געבארען אין רומעניע.

— מען רעדט אז אין מאי וועט אין לאנדאן זיין א גרויסע אספה, וועלכע וועט דורך די השתדלות פון דעם שריפטשטעלער זאנגוויל פראטעסטירען געגען דעם וואס יק"א וויל איבערמאכען אידרע תקנות. איינער פון די פארזיצענדע וועט זיין איין אבגעארדענטער פון פארלאמענט.

אמעריקא. א יודישע דעפוטאציע אין אמעריקא האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דעם הויפט אויפזעהער איבער די עמיגראנטען, צו הערן סערדאנט, אז די אונטערזוכונג ביי די עמיגראנטען זאל געמאכט ווערען פאר עדות. ה' סערדזאנט האט זיי זעהר געדאנקט דערפאר, וואס זיי האבען זיך גלייך געווענדעט צו איהם און נישט צו די צייטונגען און האט צוגעזאגט זיך צו בעגעהן גוט מיט די עמיגראנטען.

אפריקא. דער פרעזידענט פון דעם קאמיטעט פון די ענגלישע געמיינדע-רעלעגירטע דער אדוואקאט אלכסנדר, האט געשיקט א בריף צו דעם פערוואלטער איבער די קאלאניעס ה' פולער. אין דעם דאזיגען בריף ערקלערט ה' אלכסנדר, אז די זשארגאנישע שפראך האט דאס רעכט צו הייסען א שפראך אזוי גוט ווי אלע איראפעאישע שפראכען און ווער עם פארשטעהט איהר דארף גערעכענט ווערען פאר א מענש, וואס פארשטעהט א שפראך און מען דארף איהם אריינלאזען אין די קאפ קאלאניעס.

חינא. דער שאנגייער קארעספאנדענט פון דער יודיש ענגלישער צייטונג Jew. Chron. שרייבט, אז 6 חינעזישע יודען פון קאיפונגפו, זענען אנגעקומען, אין שאנגיי. די יונגסטע קינדער זייערע האט מען נעמק'ט, מען האט זיי איבערגעגעבען צו די לעהרער, וואס זאלען זיי לערנען העברייאיש און די יודישע דינים, ווייל אין קאיפונגפו געפינט זיך ניט קיין יודישע געמיינדע, קיין רב און קיין יודישע לעהרער.

מאראקא. דער צושטאנד פון די יודען אין מאראקא איז זעהר שלעכט, זיי ווערען גערודפ'ט אי פון דער רעגירונג אי פון די מורדים, פון מעלילא שרייבט מען, אז נישט לאנג איז ארויס א יודישע דעפוטאציע פון דער יודישער געמיינדע פון דער שטאדט צו דעם „פרעטענדענט" און האבען איהם געבעטען, ער זאל נאכלאזען די צאהל וואס ער פערלאנגט פון דער יודישער געמיינדע אויף 8000 דוראס. די דעפוטירטע זענען אבער נישט צוריקגעקומען, מען איז משער, אז מען האט זיי געהרג'עט.

---

## ד"ר הערצל אין פאריז.

— ד"ר הערצל איז געווען אין פאריז, ער האט זיך געזעהען מיט איינינע פון די גרעסטע פאריזער יודען, וועלכע זענען ביז איצט ווייט געווען פון דער ציוניסטישער בעוועגונג. פון פאריז איז ער גערייזט נאך לאנדאן.

אין דער יודישער פאלקס אוניווערזיטעט אין פאריז זענען זיך מוצאי יום-טוב צוזאמענגעקומען איבער דריי הונדערט מענשען צוהערען ד"ר נארדוים רעפעראט וועגען א היסטארישען ענין, נארדוי האט פון די צוהערער, אונטער וועלכע עס זענען אויך געווען א סך יודישע גרויסע לייט פון פאריז, געהאט גרויס כבוד. די געשרייען „עס זאל לעבען נארדוי!" האט פארהילכט דעם זאל. אז נארדוי האט נאך נעהאלטען אין מיטען רעדען איז אנגעקומען ד"ר הערצל צוזאמען מיט ד"ר מארמארעק. די שמחה פיין עולם, איז ביי זייער אנקומען געווען זעהר גרוים, די געשרייען „עס זאל לעבען נארדוי, עס זאל לעבען הערצל!" האט אלאנגע צייט נישט אויפגעהערט.

און אז נארדוי האט געענדיגט זיין רעדע האט ד"ר הערצל געדאנקט דעם פובליקום פאר זייער שיינעם אויפנעמען איהם, און צווישען די איבריגע רייד זיינע האט ער געגעבען אנצוהערען אויף די לעצטע וכוחים און האט ארויסגעזאגט קלאר, „אז זיין פריינד נארדוי האט זיך נישט אריינגעמישט אין א פערזענליכען קריג, ער האט געוואלט נאר בעשיצען די פרינציפען און די גאנצהייט פון דער ארגאניזאציע, וואס אהן איהר קאן אונזער בעוועגונג נישט האבען קיין קיום געגען אזעלכע קריטיקען, וועלכע זענען נישט ליטעראריש, נאר זענען געשריבען, אום צו שאדען דער זאך.

ער קען נארדוי'ן, פון זינט אן ער ארבייט מיט איהם, אלס

פליעצער—אז יהודית האט מציל געווען, פון דעם רשע נבוכדנצר". אפנים אונזער מחבר ווייסט יא, אז עמיצער האט געשטאפט דעם צווייטען מיט לינזען, נאר דאס ווייסט ער ניט קלאר: צי תרח בלעמען, צי כלק אחשורש'ן. מילא זאל זיין אזוי, וואס זשע וויל „די שוועסטער"? זי „ראטעט" איהרע שוועסטער „אצינדער", אז זיי זאלען אנזאגען אלע „יודישע קינדער"

„אז מען הערט אקול, פון אונזערע ברידער דאס רוב
„מיר זאלען טאנצען ווי אמאהל אום חמשה עשר באב".

„די שוועסטער", הייסט עס, האפט, אז עמיצער פון די „ברידער דאס רוב" זאל זי אויסחאפען זיך פאר א כלה „ווי אמאהל." נו, מהיכא תיתי, זאל זיין מיט מזל, אויב עס וועט זיך געפינען אויף איהר אבעלן, זי איז אבער אנוטהארצינע, און רופט מיט זיך אלע איהרע שוועסטער, און דערמאנט זיי, אז „מיר טארען ניט שטיין פון ווייטען פון דעם פלאן דעם נייעם", ווארום

„מיר מוזען אלע פארשטיין, אז גאט האט אונז געשיקט
„מיר זאלען מיט די ברידער גיין, וואו די מוטער רחל—ליגט".

איך בין זעהר מספק, אויב די שוועסטער וועלען מסכים זיין מיט „דעם פלאן דעם נייעם" געהן „וואו די מוטער רחל ליגט"... מילא, אז מע מוז געהן אין קבר, רחמנא ליצלן, העלפען קיין חכמות ניט און אפילו אזא פאעטישער טאלענט, ווי ביי אונזער מחבר; נאר לויפען מיט שמחה אהין וועט קיינער ניט.

נאך די טענות לאזט זיך אוים דער שיר אויך, ווי די פאריגע, מיט הבטחות און ברכות און ווינשענעש ווי א כשרה יודישע צנועה בעדארף רעדען, און עס הייבט זיך אן א שיר: „אקול פון קבר". דערזעהענדיג אט דעם שיר האב איך זיך טאקי גוט דערשראקען מתחילה. אט איז די חתונה—קלער איך זיך—די שוועסטער מיט די ברידער זענען דארט „וואו די מוטער רחל ליגט", און דאס איז זייער קול פון קבר", און האב זיך ערשט דאמאלס בערוהיגט, אז איך האב אבגעלייענט דעם צווייטען פערז:

„אומזיסט בין איך אין קבר, מיין נשמה קלאפט נאך מיר"
„מיין נאמען איז שפת עבר, דאס זאג איך יודעלע דיר"

איצט קאן איך זיין רוהיג, ווארום ווי מיר איז ידוע, ליגט די שפת עבר, חלילה ניט אין דער אדמה, ווי ר' חיים הירש מיינט. זי איז קיינמאל ניט געווען אגעשטארבענע און וועט ניט שטארבען. אמת עס איז טאקי נייטיג דערמאנען „יודעלען", אז ער זאל זיך פלייסיגער צו נעמען צו לשון קודש לערנען, נאר מע בעדארף עס איהם ערקלערען מיט פערשטענדיגע ווערטער, אבער ניט פלוידערן, למשל:

„געדיינק די אלטע צייט,—וואו דוא האסט מיך גענומען,
„אז דו ביסט פון מצרים ווייט צום בארג סיני געקומען".

(און פריהער, הייסט עס, האבען די יודען ניט גערעדט קיין לשון קדש? אדער אזעלכע טענות:

א מענש, וואס איז מקבל באהבה די אלע זודלערייען פון זיינע געגנערס און זייערע טענות נעגען איהם, ווען ער פיהלט נאר, אז דער ציוניזם פאדערט עס. זאלען די ציוניסטען דערפון וויסען און זאלען זיי זיך נעמען אלס א ביישפיל דעם דאזיגען מענשען, וועלכער איז זיך מבטל יעדעס מאל ווען עס נעהט לטובת הכלל!!.

דער גרויסער עולם האט ווידער דערויף געענטפערט: „לעבען זאל הערצל!" „לעבען זאל נארדוי!"

---

# פראפעסאר משה לאצארוס ז״ל.

ר' משה לאצארוס איז געבארען כ״ב אלול תקפ״ד, (15 זעפטעמבער 1824) אין דער שטאדט פילענע (פראווינץ פוזען). זיין פאטער, ר' אהרן יהודא, איז געווען א למדן און א פרומער. אלס קינד האט לאצארוס געלערנט יודישע וויסענשאפט ביי בעריהמטע לעהרער, ער האט אויך בעזוכט א מיטעל־שולע, דערנאך איז ער אנגעקומען אין בערלינער אוניווערזיטעט און אלס ער האט דארטען זיין שטודיום געענדיגט האט ער בעקומען דעם טיטעל ד״ר דער פילאזאפיע.

אין יאהר 1850 האט ער געשריבען זיין ערשט ווערק „די זיטליכע בערעכטיגונג פרייסענס אין דייטשלאנד"; פון 1856—58 האט געשריבען זיין ווערק „דאס לעבען דער זעעלע", וועלכעס האט איהם פארשאפט א גרויסען נאמען ביי די געלעהרנטע און פאר דעם איינעם ווערק האט ער אויך בעקומען דעם טיטול פראפעסאר. אין יאהר 1860 האט מען איהם אויסגעקליבען פאר א לעהרער אין דער אוניווערזיטעט אין בערן (שווייץ). באלד איז ער דארטען געווארען דער עלסטער איבער די לעהרער און דערנאך „רעקטאר" פון גאנצען אוניווערזיטעט.

אין יאהר 1866 איז לאצארוס צוריקגעקומען אין בערלין און האט ביז 1873 ווידער שטודירט די פילאזאפיע. אין דעם איינעם יאהר איז ער אויך געווארען עהרענפראפעסאר אין דער בערלינער אקאדעמיע און איינינע צעהנדליג יאהר האט ער די שטעלע בעהאלטען.

די וויכטיגסטע פון זיינע ווערק, וועלכע זענען מעהרערע מאל איבערגעדרוקט געווארען זענען: „דאס לעבען דער זעעלע", „אידעאלע פראגען" און „די פרייהייט און די רעליגיאן". פון די ביכער וועלכע זענען נוגע צו יודען און יודענטהום, זענען בעריהמט: „די יודישע עטיק", וועלכעס איז איבערזעצט געווארען אין פיעל שפראכען און „ירמיהו הנביא", וועלכע איז אויך אויף העברייאיש איבערזעצט געווארען.

דאס וויכטיגסטע וואס לאצארוס האט פאר די וויסענשאפט געטאן איז דער זשורנאל „פאר פעלקער און שפראכען פסיכאלאגיע" וועלכען ער האט צוזאמען מיט זיין שוואגער ד' חיים שטיינטאל מעהר אלס 30 יאהר ארויסגעגעבען, מען קאן זאגען, אז זיי ביידע האבען די דאזיגע נייע וויסענשאפט געשאפען.

לאצארוס האט א סך געטאן פאר די אלגעמיינע וויסענשאפט, א סך געטאן אין כלל זאכען און א סך, זעהר א סך האט ער געטאן פאר זיין פאלק. זייטדעם ער האט זיך בעזעצט אין בערלין האט מען איהם אויסגעקליבען פאר א פארשטעהער אין דער בערלינער יודישער געמיינדע, פאר וועלכע ער האט א סך געארבייט. פון יאהר 1868 ביז 1873, בשעת מען האט אזוי שטארק גערודפ'ט די יודען אין רומעניע איז לאצארוס געווען איינער פון דעם קאמיטעט, וואס איז געגרינדעט געווארען זיי צו העלפען, און ווי מען האט איהם אויסגעקליבען פאר א פרעזידענט האט ער קיין בריסעל צוזאמענגערופען איין אספה פון אלע יודישע גדולים פון האלאנד, פראנקרייך און ענגלאנד, כדי זיך צו האלטען איין עצה, ווי מען זאל די רומענישע יודען העלפען.

אין יאהר 1871 האט ער איין אנטייל גענומען ביים גרינדען „אהאך־שולע פאר יודישע וויסענשאפט" און איז געווען איהר פאר־זיצענדער ביז ער איז אוועק פון בערלין. אלס דער אנטיסעמיטיזם איז אויסגעבראכען אין דייטשלאנד האט ער מעהרערע שארפע רעדען

---

„געפינסטו דען גרייזען,—וואו אין מיינע פראנעס?
„מיט וואס קאנסטו ערוויייזען, האבען אזא עוות?"
אדער: „ארוסם, אדייטש, אפראנצויז, אקיטאי אלע פעלקער זיינען גערען" (וואס?)
„זייער שפראך איז געטראיי (וועמען?) און אפרעמדען וויל מען ניט הערען".

מיט אזא שפראך, וואס דער לעזער וועט זי בשום אופן ניט צעקייען, קאן מען טאקי פיעל נוצען ברענגען דער שפת עבר! נאר וואס מאכט עס אוים, אבי אונזער מחבר איז זעלבסט צופרידען פון זיין ווערק, און פון גרויס התפעלות צעזינגט ער זיך צום לעצט מיט אשפאגל „נייע לידעלי"

„זינגט זשע אלע יודעלעך דעם ניגון דעם נייעם
„לערינט זיך די ליעדעלעך פון ירושלים,
„וואס מיר טוען גארין ובא לציון נואל
„וועלען מיר דערהאַרען. זינג זשע זוהן ישראל".

און ער מאכט אונטען א בעמערקונג בזה הלשון „א ניי לידעל פאר קינדער פון ציוניסטין צו זינגען, יעדער פערז 2 מאהל מיט א אראבישין מאטיף". ארימע ציוניסטישע קינדער! אויף זיי נאר איז געפאלען דער גורל זינגען דאס „ניי לידעלי", און דוקא 2 מאל אפערז, ניט אנדערש! וואס איז איין אראבישער מאטיוו? דאס ווייסט דאך אין רוסלאנד און פוילען יעדער ליאדע יונגעל. אראבער זענען מן הסתם ביי אונז אין רוסלאנד אין אלע ווינקעלעך און אין טשערניגאוו בפרט, און אפשר איז טאקי אונזער פאעט אליין בכבודו ובעצמו איין אראבער (אקשיא אויף אמעשה!) און נאך דעם, אז ער עסט זיך אן זאט מיט דעם טשערניגאווער אראבישען „קוליש" און רעטשענע „האלושקעס", צעזינגט ער זיך מיט זיין „אראבישען מאטיף" אלא: „האפ, מאי הרע־טשאניקי!" היינט ווער ווייסט דען ניט וואס איז איין „אראבישער מאטיף" און ווי אזוי מע בעדארף דאס „נייע לידעל" זינגען?

מיר וואלטען איין עצה געגעבען אונזער מחבר, אז ער זאל זיינע שירים, אין דער צווייטע אויפלאגע דרוקען כסדר מיט פתח'ים (מע זאגט אז אראבער רעדען מיט גאלע פתח'ס) וואלט ער פארשפארען נראמען „משיח" מיט „געך", „פרו" מיט „צו", „היים הירש הורוויץ" מיט „נוטק" (א סמיכות הפרשה!). אויך וואלט ער מודיע זיין אין גאזעטען, אז ווער עס האט געפונען זיין „פערלארענעם דעת", זאל מוחל זיין צוריקקעהרען דעם מחבר זיין היזק, דאן וואלט ער אפשר נאר צורוה לאזען דעם היילינען רעיון, ציוניזם, און וואלט פון איהם ניט מאכען זיך אמעלקענדינע ציגע. אדער ווי דער מחבר זאגט אין זיין הקדמה: „אייניקה" „און דאמאלס, ווי איך האף, וואלטען איהם אלע ציוניסטען זאגען אגרויסען „דאנק".

ש. באל.

גענען דעם געהאלטען, אויך האט ער געשריבען מעהרערע בראשורען, אין וועלכע ער האלט מלחמה פאר זיין פאלק אונ גלויבען.

לאצארוס איז בעריהמט אלס יוד אונ אלס מענש.

תנצב״ה.

---

## דער פראצעס וועגען דרייפוס.

ווי אונזערע לעזער ווייסען האט זשארעס אין פארלאמענט וועניג וואס גע׳פועל׳ט וועגען דרייפוס. דער פארלאמענט האט בעשלאסען מיט רוב דעות, אז דער ענין געהער צו די שופטים, אבער נישט צום פארלאמענט. פונדעסטוועגען האבען די דרייפוסארען נאך נישט אויפגעגעבען די האפנונג, וועלכע האט זיך איצטער פארשטארקט דורך דעם בריף, וואס דער ראיאליסט (דאס הייסט ווער עס איז מיט דער פארטיי, וואס וויל, אז אין פראנקרייך זאל הערשען א קייזער) פערלע דע בורבאן האט געשריבען צו זשארעס. אין דעם דאזיגען בריף בעווייזט פערלע דע בורבאן, אז עס איז אמת, אז פאר די שופטים אין רען האט מען געוויזען א בארדערא, אויף וועלכע עס זענען געוועזען אונטערגעצייכענט אייניגע אנמערקונגען פון דעם דייטשען קייזער אונ מחמת דעם האט מען דרייפוסען ווידער ערקלערט פאר שולדיג. אויף די דאזיגע אנמערקונגען זאגען אלע וועלכע פארשטעהען די זאך ריכטיג, אז עס איז נישט געשריבען געווארען פון קייזער ווילהעלם, נאר איינער פון אנדרים שותפים האבען עס נאכגעמאכט אונ דעריבער לייקענען די אנטי דרייפוסארען דאס אין גאנצען אב אונ זאגען, אז אזא דאקומענט איז גאר פאר די שופטים אין רען נישט געוועזען.

זשארעס שרייבט אין זיין בלאט «Petite Republique» אז נאך דעם בריף פון פערלע דע בורבאן מוז משפט דרייפוס ווידער זיך אנהויבען, מעג די רעגירונג עס יא וועלען אדער נישט וועלען.

דער בריף פון פערלע דע בורבאן האט אויך איינגעגעבען מוט דרייפוסן אליין, וועלכער האט ביז איצט געשוויגען, אונ ער האט געשיקט א בריף צו דער רעגירונג, אין וועלכען ער פארלאנגט, אז מען זאל איהם פון דאס ניי איבערמשפט׳ען: דרייפוס זאגט אין בריף אזוי. »פון דעם בריף וואס פערלע די בורבאן האט געשריבען זעהט מען ארויס, אז אין רען האט מען געהאט א דאקומענט מיט א פאלשע אונטערשריפט פון קייזער ווילהעלם, לויט דעם דאקומענט האט מען מיך בעשולדיגט, אז איך האב איבערגעגעבען געהיימע פאפיערען דעם דייטשען קייזער, אונ דער דאזיגע פאלשער דאקומענט האט געווירקט, אז מען זאל מיך ווידער מאכען פאר א פארברעכער. דרייפוס דערמאנט אויך, אז איינער פון דעם קריגס-געריכט, דער קאפיטאן מערל, האט מודיע געוועזען נאכדעם ווי עס איז ארויס דאס אורטייל, אז ביי די ריכטער האט זיך געפונען א דאקומענט, וואס קיינער האט עס נישט געזעהען, אונ דער דאזיגער דאקומענט האט געווירקט א מען זאל מיך בעשולדיגען. דרייפוס זאגט ווייטער, אז איצט איז מען דערגאנגען, אז צערנושי האט געזאגט פאלשע עדות: קיין אנדערער ווי די רעגירונג — זאגט דרייפוס ווייטער — קאן נישט איבערגעבען דעם משפט צום אונטערזוכען, נאר זי דארף עס טון. איך וויל נישט אויסדערצעהלען אלץ וואס איך האב אריבערגעטראגען פון יאהר 1894 ביז היינט, אלץ וואס איך האב געליטען, ווייל איך האב צו ליב מיין פאטערלאנד אונ וויל איהר נישט בעליידיגען. מיין נאמען האט מען בעשמוצט, מיין כבוד האט מען פון מיר גערויבט. איך בין ריין, איך בין אומשולדיג. די גאנצע וועלט ווייסט, אז נישט איך נאר עסטערהאזי איז דער פארברעכער. איך גלויב אז דער אמת אונ די גערעכטיגקייט וועלען מנצח זיין.

די רעגירונג וועט אנהויבען די חקירה ודרישה וועגען דרייפוסעס בריף נאכדעם, אז פרעזידענט לובע וועט קומען צוריק פון זיין רייזע. צווישען די מיניסטארען האלט מען, אז דרייפוסעס בקשה וועט נישט אנגענומען ווערען. זיי מיינען, אז ווען דרייפוס האט באמת א נייעם פאקט, וואס קאן ווירקען, מען זאל דעם משפט פון דאס ניי פארנעמען, דארף ער זיך ווענדען צום יוסטיץ-מיניסטער אבער נישט צו די רעגירונג, אז זי זאל מאכען א חקירה ודרישה.

בריסאן, וועלכער איז געוועזען מיניסטער-פרעזידענט בשעת דעם ענין דרייפוס אין יאהר 1897, שרייבט אין דאס פראנצויזישע בלאט Siecle זיינע זכרונות, אין וועלכע ער בעווייזט ווי דער דענסטמאלדיגער קריגס-מיניסטער קאוועניאק האט אפגענארט די רעגירונג, דערמיט וואס ער האט פארדעקט די פארברעכער, וועלכע האבען מיט פאלשע דאקומענטען געוואלט בעשיצען עסטערהאזין אונ דערמיט וואס ער האט געווירקט, אז אנרי דער הויפט-פעלשענמאכער, זאל זיך נעמען דאס לעבען, ווייל ער, אנרי, האט געקענט אויפווייזען אלע פאלשקייטען, וואס ער אליין האט געמאכט אונ וואס אנדערע האבען אויף זיין בעשטעלונג געמאכט.

---

## קארעספאנדענציעס.

קראקא. (פון אונזער קארעספאנדענט).

אין אוהנאוו (אדער ווי די יודען רופען עס היוונעוו), א קליין שטעדטל נעבען בעלז, (גאליציע), נאהנט צום גרענעץ פון דער לובלינער גובערניע אין רוסיש-פוילען, איז אם 23 אפריל אויסגעבראכען א שרפה. ביים גרויסען ווינט זענען באלד 40 הייזלעך פארברענט געווארען. אנשטאט צו ראטעווען, וואס מען קאן, האט זיך דער קריסטליכער פעבעל געווארפען אויף יודען, וואס זיי האבען זיי חושד געוועזען, אז זיי האבען דאס פייער אונטערגעלעגט. זיי האבען געשלאגען טויטשלעג וועמען זיי האבען געטראפען, האבען פענסטער אונ טירען ארויסגעריסען אונ צעבראכען, די מעבעל אונ סחורות פארדארבען, געוועלבען געראבעוועט. איין יוד איציק קליין, אויף וועמען זיי האבען געזאגט, אז ער האט דאס פייער אונטערגעצונדען, האבען זיי גע׳הרג׳עט. די זשאנדארמעריע האט זיך מיט דער אויפגערעגטע מענגע נישט געקאנט קיין עצה געבען. זיי האבען טעלעגראפיש בעשטעלט מיליטער פון ראווא-רוסקא. דאס מיליטער האט ערשט דאס פייער פארלאשען אונ די פויערען צעטריבען אונ די זשאנדארמעריע האט ערשט דעמאלט געקאנט די מערדער אונ רויבער ארעסטירען. א סך יודען האבען איבערגעלאזען אלץ וואס זיי האבען אין שטעדטל אונ זענען אנטלאפען, — איבער די סבה פון דעם פאגראם שרייבט מען מיר פון דארט: פאר א יאהר האבען די בירגער פון דעם שטעדטל אנגערעדט א יודיש יונגל, זיך צו טויפען, זיי האבען

איהם גענומען אין איין אנדערע שטאדט אריין און האבען איהם געטויפט. אויף דעם לעצטען פסח האבען זיי איהם צוריקגעבראכט. ווי דאס יונגעל איז געגאנגען דורך די יודישע גאס מיט א קריסט זענען איהם נאכגעלאפען יודישע יונגלעך און האבען איהם נאכגעשריגען „שמד'ניק". דער קריסט איז זעהר בייז געווארען און האט געשריגען צו די יודען: „ווארטס יודען פארשאלטענע, מיר וועלען זיך שוין אן אייך נוקם זיין". אין אפאר טאג איז אויסגעבראכען די שרפה. די קריסטען זענען אין די יודישע גאסען געלאפען און האבען געשריגען: איהר האט אונזערע הייזער אונטערגעלעגט. מען האט חרוב געמאכט די יודישע שטובלעך, געראבעוועט די געוועלבלעך, זיי זענען אריין אין שוהל און אין בית־המדרש, צעבראכען טיש און בענק. אויסגעשלאגען אלע שויבען, צעריסען די ספרים און אויסגעטרעטען אין בלאטע. יודען, וואס וואהנען נאהנט צו דער שרפה, האבען זיך געראטעוועט די קליידער און בעטגעוואנד און פארפאקט אין קאסטענס אויף דער גאס, די רויבער האבען גענומען די קאסטענס און האבען זיי געווארפען אין פייער אריין. פיעלע יודען זענען שווער פערוואונדעט און עס איז א ספק אויב זיי וועלען אויפקומען. ל.

---

# א מעשה מיט א הונגריגען

פון דוד פינסקי.

איציע האט צוויי טעג נאך אנאנד גאר נישט אין מויל גענאט, דאס הייסט — געהונגערט, און אז אויפ'ן דריטען טאג אין דער פריה האט ער ביי א חדר־יונגל, וואס האט געלערנט אין הויף אין חדר, אויסגענארט פאר דריי מעשענע קנעפלעך דעם אנבייסען — צוויי קליינע קיכלעך מיט פוטער — און אויפגעגעסען, איז ער געווארען בייז. די קיכלעך זענען איהם געוועזען אויף א צאהן, אבער דאך האט ער יעצט געהאט א ביסל כח בייז צו זיין, און עס האט זיך איהם פארגליסט צו טון שלעכטס. עס האבען איהם געביסען די הענט. די ערשטע זאך האט ער געגעבען א זעץ מיט'ן פוס זשוטשקען, דעם קליינעם הינטל, וואס די בעל־הבית'טע פון הויז האט געהאלטען טייערער פאר איהרע אייגענע קינדער. זשוטשקע האט זיך געלאזט לויפען מיט א קוויטשערייי פאר וועהטאג, אבער איציען איז דאס געוועזען וועניג. ער האט אויסגעריסען איין איינגעפראהרענעם שטיין און א שליידער געטאן מיט אלע זיינע כחות נאך זשוטשקען. ער האט נישט געטראפען אין דעם הונט, נאר אין די טיר פון סימקין, דעם אדוואקט'ס וואהנונג. עס האט געגעבען א שטארקען קלאפ, און ער איז געוועזען צופרידען, ווייל איהם וואלט לחלוטין נישט גערט, ווען דער שטיין וואלט געטראפען סימקינ'ען אדער סימקיניכען אין קאפ.

נאר מיט דעם אלעם האט ער אפילו אויף א האר נישט געשטילט זיין בייזקייט, אויף דאס קלענסטע ביסל נישט בערוהיגט זיין פארקאכט הארץ. ער איז נאך בייזער געווארען, ווייל ער האט געוואוסט, אז דאס זענען קליינינקייטען, אז מיט דעם האט ער גאר נישט אויפגעטאן. ער איז ארויס פון טויער, האט א ווארף געטאן מיט די אויגען אין אלע זייטען פון דער גאס, און געפיהלט, אז ער איז א דם־שונא אלע פארבייגעהער און דער עיקר אלע פארבייפאהרער. ער האט זיי געשאלטען מיט ביטערע קללות און וואלט מיט פערגעניגען אויסגעפיהרט אויף זיי מיט זיינע אייגענע הענט די אלע פרעניות.

צום טויער איז צוגעגאנגען נאך א חדר־יונגל, איינגעוויקעלט אין א גרויס טוך און אין גרויסע שויך פון א דערוואכסענעם מענשען. די הענט האט ער געהאלטען פארריקט אין טוך און קיין חשק נישט געהאט, אדער פאר קעלט נישט געקאנט, ארויסנעמען זיי פון דארטען און אבווישען זיך די נאז, פון וועלכער עס האט גערונען ביז צום מויל. פון זיין קעשענע האט ארויסגעקוקט א שטיקל ברויט. איציע האט בעקומען לוסט צום שטיקל ברויט, נאר דאס אויסזעהן פון דעם ארמען קינד האט איהם אבגעהאלטען. ער האט זיך אבער געמאכט, אז ער איז בייז אויף דאס קינד ווי אויף די גאנצע וועלט, אז ער קאן איהם געבען א זעץ מיט'ן פוס ווי פריהער זשוטשקען. ער האט אנגעכאפט דאס קינד פאר די נאז, דערנאך א קלאפ געטאן איהם איבער דאס היטעל און אויסגעשפיעט: „סמארקאטש, דיר רינט דאך אי־מויל!" דאס קינד האט זיך דערשראקען, א פיהר געטאן מיט'ן עלענבויגען, פארשטעלט די נאז און אבגעלאפען. נאר באלד האט עס זיך אומגעדרעהט, א קוק געטאן אויף דעם אונערווארטעטען שונא און אויסגעשריגען: „רשע, רשע, איציע דער רשע!" און איז געלם געווארען אין טויער. איציע האט זיך אפילו נישט א קער געטאן אין זיין זייט.

ער האט זיך אנגעשפארט אן טויער, צו וואס? דאס האט ער אליין נישט געוואוסט, ער איז געוועזען מיד, בייז און מיד. די צוויי קיכלעך האבען איהם גאר צערייצט. עסען, עסען! עס שטעלט זיך איהם פאר פאר די אויגען דאס שטיקל ברויט אין דער אבגעריסענער קעשענע פון דעם ארימען קינד. דאס וואלט איהם זעהר צוניץ געקומען. עס פארדריסט איהם, פאר וואס ער האט עס נישט אבגענומען. א גאנץ גרויס שטיקל ברויט.

ער האט זיך נאך שטארקער צוגעדריקט צום טויער, נישט ווי־סענדיג צו וואס און נישט וויסענדיג, וואס וועט ווייטער זיין, וואס וועט ארויסקומען פון זיין שטעהן. דער פראסט איז געוועזען שטארק. נאר איציע האט איהם נישט געפיהלט, ווייל ער איז געוועזען בייז און האט זיך נישט אויסגעמאכט פון דעם פראסט. אגב האט ער נישט געהאט, וואו צו בעהאלטען זיך פון איהם. אויבען, אין זיין דאך־שטיבל איז נאך קעלטער געוועזען. דערצו זענען דארטען נישט געוועזען קיין מענשען און ער האט נישט געהאט, אויף וועמען בייז צו זיין.

ער איז געשטאנען און האט וועגען דעם גאר נישט געקלערט. ער האט נישט געקאנט קלערען. ער האט מעהר נישט געוואוסט, אז ער איז בייז, און עס האט זיך איהם געדאכט. אז ער וועט היינט אבטון זעהר א קלוגע רשעות. ער איז געוועזען זיכער, אז ער וועט שוין עפיס אבטון. ער האט עס געפיהלט.

צוויי ארבייטער זענען פארבייגעגאנגען און האבען גערעדט וועגען זוכען ארבייט. ביי איהם איז דורכגעפלויגען אין קאפ, אז ער וועט נישט געהן זוכען ארבייט. אלע מענשען אויף צופיקעניש. ער האט נאכגעשיקט נאך די צוויי ארבייטער א בליק פול מיט פאראכטונג. ניין, ער וועט נישט געהן מעהר זוכען ארבייט, זיי מעגען אלע אפילו א מיתה משונה איינגעמען! און דערביי האט ער געפיהלט, אז עס איז

גלאט איין עברה זיין טרחה. ער וועט היינט קיין ארבייט נישט קריגען ווי נעכטען און עהער־נעכטען און עהער־עהער־נעכטען און די גאנצע זיבען און צוואנציג טעג, אין וועלכע ער האט געזוכט ארבייט.

אין מוח האט זיך איהם בעוויזען דער „מארגען"; א שווערער, חמארנער טאג, וואו ער וועט זיין גאנץ אהן כחות פאר הונגער. אבער ער וויל נישט קלערען וועגען מארגען .נאר „היינט"... היינט דארף ער עפיס אבטון און דענסטמאל וועט ער וויסען, וואס עס וועט זיין מארגען און איבערמארגען און אלע טאג. דערפאר איז ער געבליבען שטעהן נעבען טויער און געקוקט אין גאס אריין מיט א שטעכעדיגען שמייכעל אויף די בלייכע ליפען און אין די מידע, מאטע אויגען, אהן א שום געדאנק אין קאפ. ער האט אפילו אויפגעהערט צו זודלען און שעלטען.

אין גיכען האט ער זיך אבגעריסען פון טויער און אנגעהויבען צו געהן, ער האט אליין נישט געמערקט, וואס ער טוט. ער האט נישט וויסענדיג פארלאזען זיין ארט; ער איז געגאנגען, נישט וויסענדיג, אז ער געהט. די פיס זענען איהם געוועזען ווי קלעצער און ער האט זיי קוים געהויבען. דערפאר האט ער זיך דאס באלד געכאפט, אז ער שטעהט שוין נישט ביים טויער און געהט גאר אום אין גאס איבער'ן טראטואר. דאן האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט געוואלט און בעשלאסען דורכצוגעהן זיך א ביסל, נאר ער האט זיך נישט געקאנט דערמאנען, ווען ער האט וועגען דעם געטראכט. עס איז גוט, וואס ער וועט זיך יעצט דורכגעהן. מען דארף אנווארמען די פיס. נאר ער מאכט זיך, אז עס ארען איהם נישט די פיס, ווי עס ארט איהם נישט דער גאנצער פראסט, וועלכער נעמט איהם דורך יעדעם גליד.

ער איז געגאנגען לאנגזאם, פאמעליך, געלאסען. די גאס, איבער וועלכער ער איז געגאנגען, האט זיך געענדיגט מיט איין עק ביים שטאדטמארק און מיט דעם אנדערען עק ביים שטאדטגארטען. ער האט נישט געוואוסט, וואו ער געהט. נאר וואס נעהנטער ער איז צוגעגאנגען צים מארק, אלץ הילכיגער און דייטליכער האבען זיך געלאזט הערען פון דארטען די קולות. דאן האט ער בעגריפען, וואו די פיס האבען איהם געבראכט, און ווידער האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט עס אזוי געוואלט און בעשלאסען. דא טאקי איז דער רעכטער ארט, וואו ער קאן עפיס אבטון. ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן עק טראטואר.

אויפ'ן גרויסען מארק־פלאץ האט גערוישט און געווימעלט פון מענשען. אין דער לופט איז געשטאנען דער רעש פון טויזענטער מענשען. די שרייענדיגע פארצווייפלונג פון דעם עלענדען נויטבעדירפטיגען, די ברומענדיגע גלייכגילטיגקייט פון דעם זאטען רייכען און די קוויטשערנדיגע עזות פון דעם געלד־הונגריגען האבען זיך דא אויסגעמישט און געטראגען איבער די קעפ, בערוישענדיג און בעטויבענדיג דעם נישט־געוואהנטען. ארום איציען זענען געגאנגען, געאיילט, געלאפען אלערליי מענשען, מיט געפעק און אהן געפעק. כמעט יעדער פארבייגעהער האט זיך אנגעריהרט אן איהם, א שטויס געטאן איהם. אבער ער איז געשטאנען רוהיג, אהן א בעוועגונג. עס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס אליין איז שוין א גוטע זאך, אז דערמיט אליין טוט ער שוין רשעות. יא, ער מוז דא שטעהן און שטערען אלעמען אין וועג. נאר מיט די אויגען פיהרט ער אום איבער'ן פלאץ, גלייך ער וואלט דארטען געזוכט דאס, וואס ער האט אבצוטון. זיי שטעלען זיך אב אויף די ברויטקראמען און אויף די וועקסעל־געשעפטען, וואו עס ליגט „ממון קרח", עס וואלט זעהר גוט געוועזען אוועקצושלעפען עפיס פון דארטען. און ער הייבט אן צו פאנטאזירען, ווי און וואס וואלט געוועזען, ווען ער וואלט אוועקגעשלעפט א פעקל אסיגנאציעס.

א טרעגער מיט א גרויסען קאסטען אויף די פלייצעס האט איהם א שטויס געטאן, אז ער איז שיער נישט אומגעפאלען. ער האט דערפיהלט א גרויסען וועהטאג און ריקען און איז געקומען צו זיך. ער איז רויט געווארען פאר כעס.

„דו, חאליערע דו! וואו האסטו דיינע אויגען?"

דער טרעגער האט אבגעבורטשעט עפיס פון אונטער זיין משא און מיט שווערע טריט איז ער געגאנגען ווייטער זיין וועג.

אבער איציען האט וועה געטאן, און ער האט זיך געקראצט דעם רוקען.

„איך בעגראב דיך מיט'ן קאסטען צוזאמען, נבלה!"

דער טרעגער האט אויסגעדרעהט דעם קאפ פון אונטער דעם קאסטען און א קוק געטאן אויף דעם שרייער. איציע'ס אויסזעהען האט ביי איהם ארויסגערופען ווייניג דרך ארץ. ער האט זיך אבגעשטעלט אויף א ווייל און אנגעקוקט זיין געגנער מיט פעראכטונג.

„האלט דעם פיסק דייגעם, אז נישט פארשטאפ איך דיר איהם, אז דו וועסט פארשטומען אויף אייביג. איך וועל דיר בעווייזען, וואס „נבלה" בעדייט, פסיא קרעוו!"

דער טרעגער איז אוועק זיין וועג, בורציענדיג און זודלענדיג. איציע האט אויסגעברומט א פאר קללות און אוועקגעדרעהט דעם קאפ אין איין אנדער זייט.

„וואס האסט זיך אוועקגעשטעלט און שטעהסט און לאזט מענשען נישט געהן?" האט ער דערהערט הינטער זיך א בייזען קול.

ער האט זיך אומגעקוקט. קאפלון דער קרעמער איז געשטאנען אין טיר פון זיין קראם און בייז געקוקט אויף איהם.

„וואס איז דאס אייער דאגה?" האט ער גראב אבגעענפערט.

קאפלון איז אויפגעבראכט געווארען. „וועסט באלד וויסען מיין דאגה!" און ער האט געהייסען דעם יונגל אין קראם לויפען נאך א שוצמאן.

פארביילויפענדיג פארביי איציע'ן, האט דאס יונגל געזאגט מיט שקאצעקעוואטע אויגען:

„ווארט א ווייל, וועסט באלד האבען א באד מיט אונטערפיהרעכס.

איציע איז געבליבען שטעהן, אויף צו להכעיס. ער האט זיי אלעמען אין דער ערד. יא, וועגען וואס האט ער דאס פריהער געטראכט? און אז ער האט דערזעהען דעם יונגל מיט'ן שוצמאן, האט ער גלייכגילטיג אוועקגעדרעהט דעם קאפ אין איין אנדער זייט. יא, וועגען וואס האט ער דאס פריהער געטראכט?

„וואס שטעהסטו דא? מארש אוועק!"

איציע האט לאנגזאם אויסגעדרעהט דעם קאפ צום שוצמאן.

„א פארקויפטער ארט, וואס?" האט ער ברוגז'דיג געפרעגט אין צעבראכענעם דייטש.

„מארש זאגט מען דיר".

איציע האט צוריק אוועקגעדרעהט דעם קאפ.

„מארש!"

דער שוצמאן איז שוין געווען אין כעס און האט א הייב געטאן זיין שאשקע.

איציע האט געוואלט בלייבען שטעהן. נאר עפּיס האט א ריהר געטאן די פיס. דאס איז געווען דער אינסטינקט, אז א שוצמאן מוז מען פאלגען.

ער איז אוועק צוריק אין זיין גאס, פאמעליך, קוים ריהרענדיג די פיס, נישט קוקענדיג אין דעם שוצמאנ'ס זייט.

ער איז געווען גאנץ געפרארען. צוקומענדיג צו זיין טויער, האט ער דערפיהלט, אז עס וואלט גוט געווען אויסציהען זיך א ביסל. ער האט עס דערפיהלט נעגען זיין ווילען. ער דארף און מוז זיין אין גאס, ווייל ער איז בייז און וויל עפּיס אבטון. נאר די שווערע, געפרארענע פיס, זיי ציהען צו זיין דאך־שטיבל, וואו עס איז שרעקליך קאלט, וואו עס רוישט און פייפט דער קאלטער ווינט, וועלכער לאזט זיך אונטען נישט אזוי שטארק הערען. גלייך זיי וואלטען געפיהלט, אז ער וועט דארטען אויסזוכען אלערליי אלטע טיכער און וועט זיך איינוויקלען און איינדעקען אין זיי.

און ער האט זיך געלאזט טראגען פון די פיס. אויפ'ן וועג צום דאך־שטיבל האבען זיי איבערגעקעהרט א פאמויניצע און א זעץ געטאן א קאץ. זיי האבען אויך אויפגעעפענט די טיר פון דעם שטיבל. די טיר האט זיך א ריס געטאן און אנגעשלאגען אן עפּיס א ווייכע זאך. די ווייכע זאך איז געפאלען, און די פיס האבען געדארפט אריבערטרעטען איבער א קופּע שמאטעס, פון וועלכע עס האט ארויסגעקוקט א פארמעטגעלע, איינגעקנייטשטע, קליינטשיקע צורה פון איין אלטער איינגעהויקערטע יודענע.

„א־ווי, א־ווי, א־ווי,!" האט זי אנגעהויבען צו יאמערן, פלאנטערענדיג זיך אין די שמאטעס. דאס איז געווען די טויב־שטומע בעל־הבית'טע פון זיין דירה.

ער האט גאר נישט געענטפערט. די פיס זענען שוין געוועזען אין בעט.

(פארטזעצונג קומט).

---

# אויס דעם גהעטא.

אויף דעם טיש צאנקט דאס לעמפּל,
און אין דרויסען וויינט דער ווינט...
איינגעבויגען זיצט די מוטער
ביי דעם וויגל איבערן קינד.

וויינט עס — וויל זי עס איינשטילען
מיט דער אויסגעדארטער ברוסט;
ווערט'ס איינשווייגען — ווערט נאך מעהרער
אינ'ם שטיבל טרויריג, פוסט.

ניט צו טראכטען — ציהט די נאכט זיך
אזוי שרעקליך שווער און לאנג;
און נאך שרעקליכער איז טראכטען
אהן א ליכטיגען געדאנק...

יעקב פיכמאן

---

# היינטיגע יאהרען.

## פון מ. י. בערדיטשעווסקי.

כלי קודש. — שוין דער נאמען אליין זאגט, וואס זיי זענען אונז געווען אמאל. הייליג און ריין ווי גינגאלד, טאקי דאס גאנצע שענקייט פון שטאדט, טאקי אלץ, וואס א פּראסטער בשר ודם איז צו דעם ניט זוכה. וואס איז שייך, איטליכער פון אונז איז כל ימיו אריינגעטאן אין זיינע עסקים און אין אלע זאכען פון עולם הזה; יענע אבער זענען אויסגעטאן פון דעם אלעם און האבען נאר אין זינען דיענען גאט און צו לערנען זיין תורה. דערפאר האט זיי טאקי דער בורא בעשאפען, אז זיי זאלען קונה שלמות זיין און אונז ווייזען דעם דרך... טוט אבער אציגד א קוק. געהן געהט מען נאך אנגעטאן פרומער ווי דער פּראסטער עולם און מע האט א פנים ווי א שטיקל שענע מורנו, אבער אין הארצען האט מען אלע תאוות. מע האט ליב דעם קערבל ווי מיר, מע גיט אב כבוד דעם עושר ווי מיר און מע וויל טאקי האבען א חלק אין דער וועלט. דער רב, דער דין איז ניט מעהר א מענש, וואס ווייסט ניט פון א צורת מטבע און שטעהט ניט אין ד' אמות פון א יודענע, נאר א מענש ווי איטליכער און לעבט פון זיין דינות ווי פון א קלייטל... אז לערנען קענען זיי אויך ניט ווי אמאל. אז דער גאנצער ענין פון שאלות פסק'ענען האט ניט מעהר דעם טעם... מע שיקט נאך אריבער די דיענסט מיט א ביינדל, מיט א ווערעמדיגע לעבער, צי ווען די מילך איז אונטערגעלאפען אונטער דער זופּ, אין הארצען איז מען דווקא ניט אזוי מדקדק. א שוחט לעבט נאר בשפלות און איז זיך מבזה און מבזה פאר'ן פערציגער. א חזן, ווען געהט אציגד אן זינגען? שכירות צאהלט מען קלאמפּערשט נאך אביסל, אבער לאמיר זיך ניט נארען, זיי זענען אלע ווי דאס פינפטע ראד צום וואגען. — אלע די זאכען, וואס זענען אמאל געווען א קיום פון אונזער אומה, לאזען זיך אויס.

גוטע יודען. — אמאליגע יאהרען האט דער ענין געהאט א פנים. זיי זענען טאקי געווען די גרויסע צדיקים, די אמת'דיגע מיוחסים און אונזער קרוין. זייער חן, זייער געימות, זייער צורה און זייער שענקייט. זיי זענען טאקי געווען די גדולי הדור און האבען זיך געפיהרט ווי די שררות. און מיט אל'ס האבען זיי געהאט נאר דעם כלל אין זין. און האבען שטענדיג געטראכט אונזערע עונות מתקן צו זיין. אז זיי האבען געבויט הייזער, געפלאנצט גארטענס, ארויסגעפאהרען מיט קארעטעס און פערד, איז דאס ניט געווען אזוי פראסט, נאר א מין פאראיידעלונג, א שארית פון א זאך, וואס איז פאראן ביי א פאלק, שלא כהתה עינו ולא נס ליחו. פאר וואס ניט? יודען, אז זיי גלויבען אין איינעם, געבען זיי אין איהם אריין א כח... א מין התחזקות איז דאס געווען ביי די חסידים, אז מע איז צוזאמען געקומען אין איינעם. און היינט בטחון, גלאט דער בטחון. די מאמינים האבען געגלויבט און האבען זיך מדבק געווען אים אויבערשטען דורך אמונת חכמים; און אויך אויף די ניט־מאמינים האט דאס געמאכט א רושם: ס'איז געווען ביי זיי, ווי אז מע זעהט א נשמה יתרה, עפּיס שבת'דיגס אין דער וואכען.

היינט אבער שטעהט דאס גאר ניט אויף דער דרגה. די גרויסע צדיקים זענען ניט מעהר דא, און די קליינע מאכען זיך אלייז גרויס.

מע פאהרט ניט מעהר צו זיי, נאר זיי פאהרען תמיד ארום, האלטען שבת אין די שטעדטלעך אויף איינענע הוצאות אונ אומגעבעטען. אז זיי זענען שוין דא, מוז מען צו זיי געהן אונ זיי געבען א קערבל. גיט מען א האלבס, שעמט מען זיך ניט צו דינגען מיט דער ארימער יודענע, מיט דער סעדעכע, מיט דער בעקערין. פאר נשים גיט מען רפואות אונ מע האלט זיך א יודען וואס ער שרייבט רעצעפטען... אונ מיט'ן פראסטען יודען מאכט מען שותפות, דאס הייסט, מע זאגט איהם צו שפע אונ מע נעמט דערפאר נאר עטליכע קאפיקעס פון יעדען קערבל פארדינסט. אז א רבי דארף מאכען געלד, חאטש גלויב יא, חאטש גלויב ניט. אז אונטער די אויגען רעדט מען נאר אויף זיי. אז זיי אליין רעדען נאר איינער אויפ'ן אנדערען. אז די איינענע ברידער, וואס בלייבען איבער פון איין פאטער א רבי'ן, זענען זיך שונאים אויפ'ן לעבען אונ רודפ'ען זיך, אז ס'איז א חלול השם.

גלויבט מיר, דאס הארץ טוט מיר וועה, אז איך זעה, אז פון די, וואס זיי זענען געוועזען ביי יודען א שענקייט, איז אזוי געווארען, אז גאר ניט האבען מיר מעהר.

---

# די פאלקס־אוניווערזיטעטען.

די ניצליכסטע מיטגלידער אין יעדער געזעלשאפט זענען שטאדט אונ לאנד־ארבייטער, ד"ה די, וועלכע פיהרען די מלחמה מיט דער נאטור גלייך, פנים אל פנים, אהן א שום פארמיטלער. אונ דעריבער ווערען טאקי די דאזיגע קלאסען אנגערופען שעפער, ווייל זיי בעשאפען דורך זייער ארבייט נייע פראדוקטען, וועלכע די גאנצע געזעלשאפט בענוצט. די איבריגע ארבייטענדע מיטגלידער ווי, למשל, סוחרים, פריקאשציקעס, פוהרלייט א. ד. ג. הגם זיי ארבייטען אויך אונ ברענגען מיט זייער ארבייט נוצען דער געזעלשאפט, זענען שטענדיג אבהענגיג פון די אויבען־דערמאנטע ארבייטער. די ארבייט פון די סוחרים איז נאר צו צעטיילען די פראדוקטען, וועלכע די ארבייטער האבען בעשאפען. עס פארשטעהט זיך, אז וואס מעהר די ארבייטער־קלאסען זענען געבילדעט, פארשטעהען זיי בעסער, ווי אויסצונוצען די קרעפטען פון דער נאטור, ציהען זיי ארוים פון דער נאטור אלס מעהר נוצען אונ ממילא וועט די גאנצע געזעלשאפט האבען בעסערע אונ מעהר פראדוקטען. אין אלע אייראפעאישע מלוכות עפענט מען אנפאנגס־שולען, בכדי די ארעמע קינדער, וועלכע דארפען ווערען שפעטער ארבייטער זאלען פארשטעהן צו שרייבען אונ צו לעזען.

ווען מיר בעטראכטען די ציפער פון די שולען אונ די קינדער, וויפיעל עס לערנען זיך אין די מערב־לענדער, וועט אונז גאר קיין וואונדער ניט זיין, פאר וואס די ארבייטער אין די דאזיגע לענדער זענען אזוי ענטוויקעלט אונ געשיקליך צו דער ארבייט. אין יאהר 1891 זענען אין ענגלאנד געוועזען 19,815 פאלקס־שולען, אין וועלכע עס האבען זיך געלערנט 5,692,975 קינדער; אין דייטשלאנד זענען געוועזען אין 1896 יאהר 56,800 אנפאנגס־שולען, אין וועלכע עס האבען זיך געלערנט 7,920,688 קינדער.

די אנפאנגס־שולען לויט זייער פראגראם האבען אבער ניט בכח צו געבען דעם פאלק די גייסטיגע וויסענשאפטען, אין אזעלכע שולען קאן מען זיך נאר אויסלערנען אביסעל לעזען אונ שרייבען. בכדי צו זיין איין ענטוויקעלטער מענש, מען זאל קענען וויסענשאפטליך פארשטעהן אלע ערשיינונגען אין דער נאטור אונ אין דער געזעלשאפט, מוזען זיין איינגעארדענט אזעלכע פאלקס־שולען, וואו מען זאל קענען בעקאנט ווערען מיט העכערע וויסענשאפטען, עס מוזען זיין אזעלכע אוניווערזיטעטען, אין וועלכע עס זאלען זיך קענען לערנען אפילו די ארבייטער־קלאסען. אונ אזעלכע אוניווערזיטעטען ווערען טאקי איצט זעהר פארשפרייט. אין פאריז האט מען ניט לאנג געגרינדעט א האך־פאלקס־שול אפילו פאר די רוסישע וואנדערער. פאר א קליינע געצאהלט קאן יעדער איינציגער צוהערען לעקציעס פון געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען. מען פאדערט דארטען ניט קיין שום דיפלאמען, קיין יחוס אבות. די שול איז אפען פאר אלע, וועלכע ווילען זיך לערנען. אין אזוינע שולען לעזען די גרעסטע געלערנטע פאר לעקציעס אין א זעהר לייכטע שפראך.

די פאריזער האך־שולע, הגם זי איז לכתחלה געגרינדעט געווען פאר אלעמען, ווערד אבער, על פי רוב, בעזוכט פון אינטעליגענטע יוגענד; ארבייטער זענען דארטען דא ווייניג, ווייל די לעקציעס לעזט מען געוועהנליך ביי טאג, ווען די ארבייטער זענען פארנומען. אויסער דעם מוז מען שוין זיין אביסעל צוגעגרייט, בכדי צו פארשטעהן לעקציעס איבער געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען, מען מוז שוין האבען א ידיעה אין די עלעמענטאר וויסענשאפטען, אונ דאס פעהלט די ארבייטער.

אויב מען וויל, אז ארבייטער זאלען אין אמת'ן בעקומען א בעגריף פון די העכערע וויסענשאפטען, מוז מען גרינדען א האך־שול פאר זיי, זיי מוזען זיין געבויט עקסטרא פאר ארבייטער, אזעלכע מיני שולען ווי אין דענעמארק, שוועדען אונ נארוועגיע. וועגען די שולען וועלען מיר איצט רעדען אביסעל באריכות.

אין דענעמארק האט זיך די בעוועגונג צו פאלקס־בילדונג אנגעהויבען אין פאריגען יאהרהונדערט. דער ערשטער, וועלכער האט זיך גענומען דורכצופיהרען די אידעע פון פאלקס־בילדונג אין לעבען איז געוועזען דער דענישער פאטריאט גרונדטוויג. ער האט אנגעשריבען א ווערק, אין וועלכען ער האט בעוויזען, דאס בכדי צו בילדען א פאלק איז ווייניג די אוניווערזיטעטען, וואס זענען דא, ווייל זיי נוצען נאר איין טייל פון דער געזעלשאפט אונ דעריבער ברענגען זיי מעהר שאדען ווי נוצען. זיי פארגרעסערען נאך מעהר דעם אונטערשיד צווישען דער אינטעליגענץ אונ דעם המון־עם. דערמיט וואס מען מאכט איינינע יחידים פאר מופלגים, ווערען די דאזיגע מופלגים גרויסע מיוחסים ביי זיך אונ זיי ארט נישט פאר דעם פראסטען עולם. בכדי צו בילדען א גאנץ פאלק, דארף מען האבען אזעלכע האך־שולען, וועלכע זאלען זיין אפען פאר אלע, אזא שול, וואו אלע קלאסען זאלען קענען אנקומען. זי מוז זיין געבויט פאר דעם גאנצען פאלק. דער יסוד פון אזא שול דארפען זיין די אידעען, וועלכע אינטערעסירען דעם גאנצען פאלק.

די ערשטע האכשול, וועלכע איז אויפגעשטעלט געווארען לויט גרונדטוויגס פלאן אונ אין וועלכע עס האבען נאר 20 יונגע מענשען געלערנט, האט ניט לאנג געדויערט.

גרונדטווייגס ארבייט איז אבער נישט געווען אומזוסט, זיינע אויפרופען האבען וואס ווייטער אלץ מעהר געפונען איין אבקלאנג אין די הערצער פון די דענישע פאטריאטען. אין יאהר 1864 האבען זיך די פאלקס אוניווערזיטעטען מיט גרויס ענערגיע אנגעהויבען צו ענטוויקלען. עס האבען זיך דענסטמאל געפונען א סך אמת איבערגעגעבענע מענשען, וועלכע האבען ניט געשפארט קיין מיה בכדי צו גרינדען אומעטום אוניווערזיטעטען לויט גרונדטווייגס פראיעקט. מען איז ארומגעפאהרען פון שטאדט צו שטאדט, פון דארף צו דארף, מען האט געמאכט גרויסע קהל'שע פערזאמלונגען און מען האט אויפגעוויזען די פויערען, ווי ווייט די בילדונג איז פאר זיי נייטיג. די פויערען, וועלכע האבען אין די ערשטע צייטען געקוקט קרום אויף אזוינע סארטען שולען, זענען שפעטער אזוי איבערגעגעבען געווארען צו דער אידעע פון פאלקס־בילדונג, אז זיי האבען ניט געשפארט קיין מיה און געלד ביז זיי האבען איינגעפיהרט אזעלכע שולען. פיעלע פויערען האבען אפילו פארמשכונ'ט זייערע הייזער און נחלות בכדי צו האבען מיטלען איינצופיהרען אזא סארט שול.

די דאזיגע הויכשולען זענען ניט געשטאנען תמיד אויף איין מצב, זיי האבען זיך וואס ווייטער אלץ מעהר פארגרעסערט און ענטוויקעלט, די איצטיגע שולען זענען א סך גרעסער ווי די פריהערדיגע. יעדע שול האט זיך איהרע געוויסע פרטים, יעדע שול איז געבויט לויט די בעדינגונגען פון ארט און פון די מענשען, וועלכע בעזוכען איהר. די שולען זענען ניט געבויט לויט א געוויסע פראגראם, אדער פארקעהרט, די פראגראמען ווענדען זיך אן די שולען, אן דעם סארט תלמידים, וועלכע בעזוכען זיי. דארטען אינטערעסירט מען זיך ניט מיט דער אויסענווענינסטע פארם, נאר מיט'ן אינערליכען תוך.

צו גרינדען אזא שול האט מען אויך ניט בעדארפט האבען יחוס־בריף, אטעסטאטען און נאך אזוינע סארטען סמיכות, יעדער, צו וועמען דאס פאלק האט געהאט אמונה און צוטרוי, האט זי געקענט גרינדען, און די מענשען, וועלכע האבען זיך געפיהלט דערצו פעהיג האבען גענומען ארבייטען לטובת הכלל.

די ערשטע צייט האט מען אין די שולען ווייניג געלערנט וויסענשאפטליכע למודים. די ערשטע אויפגאבע איז געווען צו מונטערען דעם שכל און ענטוויקלען די חושים ביי די תלמידים, זיי זאלען קענען הערען, זעהען און פארשטעהען, אז א חוץ די ד' אמות פון דארף איז פאראן א גרויסע, שענע און אינטערעסאנטע וועלט.

וואס ווייטער האט מען אלץ מעהר איינגעפיהרט פארשידענע וויסענשאפטליכע למודים. איצט לערנט מען דארטען פאלגענדע:

1) היסטאריע, נאציאנאל און אלגעמיינע.
2) די נאציאנאל־שפראך און איהר ליטעראטור.
3) געאגראפיע.
4) פהיזיק.
5) געזאנג.
6) גימנאסטיק (חלוץ עצמות).
7) (פאר פרויען) נייען, שטריקען אז"וו.

דיזע הויכשולען זענען געוויינטליך געבויט ניט ווייט פון דער שטאדט צווישען פעלדער. זעהענדיג די נאטור מיט איהר גאנצען פראכט איז א סך לייכטער צו ענטוויקלען דעם געשמאק און די איבריגע געפיהלען. אין די שולען זענען דא שלאף־צימער, שפייז־צימער און אודיטאריע *) וואו צו לערנען מיט די תלמידים און תלמידות. די תלמידים וואהנען צוזאמען מיט די לעהרער. די לעהרערס זענען ניט קיין הערשער איבער די תלמידים, נאר עלטערע און מעהר געלערנטע חברים, זיי זענען ניט מטיל אימה אויף די תלמידים, נאר זיי פלאנצען איין ליבע און אכטונג צו זיך, זיי זענען ניט פאר די תלמידים טרוקענע לעקציאנען־לעזער, נאר גוטע פריינד, פאר וועלכע די תלמידים גיסען אויס דאס הארץ, ביי וועמען זיי פרעגען עצות אויף פארשידענע אינערליכע לעבענס־פראגען. מיט גרויס כונה הערען די תלמידים אלץ, וואס די לעהרער דערצעהלען און דערקלערען זיי. די למודים קומען פאר בעל פה ווייל איינע פון די רעכטע עקרים, מיט וועלכע די דאזיגע שולען צייכנען זיך אויס פון אנדערע איז — אריין צו ברענגען מעהר לעבען, מעהר גייסט אין דער לעהרע, און ניט פארברענגען צייט אויפ'ן אויסחזר'ן טרוקענע ווערטער פון פארשידענע לעהר־ביכער, ווי עס פיהרט זיך אין אנדערע שולען. די תלמידים צווישען זיך לעבען זעהר פריינדליך, די איינציגע חדשים וועלכע זיי פארברענגען אין שול, רוהען זיי אב פון זייער שווערער פהיזישער יעהרליכער ארבייט.

די דענישע פויערען, פיהלענדיג די נוצען, וואס אזוינע שולען קענען ברענגען, האבען וואס ווייטער אלץ פריינדליכער בעגעגענט אזעלכע סארטען שולען, זיי זיי האלטען אליין אונטער מיט זייערע אייגענע געלד, און דערמיט ווירקען זיי מיט, אז די שולען זאלען זיך מעהר פארברייטערען. איצט זענען שוין דא אין דענעמארק 60 שולען.

אין יאהר זענען דא צוויי לעהר־צייטען: 1) פון 1־טען נאוועמבער ביז'ן ערשטען אפריל פאר תלמידים, 2) פון 1־טען מאי ביז'ן ערשטען אויגוסט פאר תלמידות. יעדען זונטאג קלויבען זיך צונויף אלע תלמידים, תלמידות און די לעהרער און מען פיהרט א וויסענשאפטליכען שמועס. א חוץ די וועכענטליכע איז אויך דא חודש־פערזאמלונגען, אויף וועלכע דער דירעקטאר לאדעט איין די פויערען פון די ארומיגע דערפער. אויף אזוינע פערזאמלונגען האלט מען רעדען איבער פארשידענע פאליטישע און ליטעראַרישע טעמען. יעדע פראגע ווערד זעהר טיעף בעהאנדעלט. אין די רוהע־צייט פארברענגען אלע אין אלגעמיינעם זאל, אדער אויפ'ן פרייען לופט אין פארשידענע שפילען, און נאך אזוינע סארטען פארגעניגען.

זעהר אפט מאכען די לעהרער צוזאמען מיט די תלמידים עקסקורסען (מאיופקעס) אין מוזעען און אין וועלדער, וואו עס טרעפען זיך צוזאמען תלמידים פון פארשידענע שולען. מען ארדענט איין אזוינע שפילען, אין וועלכע אלע נעמען א חלק.

עקזאמענס דארפען די תלמידים ניט האלטען. דיפלאמען, אטעסטאטען, וועלכע געבען פארשידענע זכותים, איז דארטען ניט איינגעפיהרט; די שולען האבען העכערע צילען: ווי ווייט מעגליך צו פארברייטען דעם גייסטליכען בליק פון דעם פאלק, פאראיידלען דעם געפיהל און שטילען ווי ווייט מעגליך דעם גייסטיגען הונגער.

*) א צימער וואו די פראפעסארען לעזען פאר די לעקציעס.

די צאהל תלמידים, וואס בעזוכען די שולען, איז זעהר א גרויסע. פון 1844—1900 האבען אין די דאזיגע שולען געלערנט 1 0,000 מענשען (9,000 תלמידים אונ 50,000 תלמידות) 116,000 זענען פון דענעמארק גופא אונ 24,000 אויסלענדישע. בסך הכל האבען יעדעם יאהר געלערנט אין דיזע שולען 2,000 מענשען. פון די דאזיגע ציפער קענען מיר בעקומען א בעגריף, ווי ווייט די שול איז בעליבט אונ וויפיעל נוצען זי ברענגט.

אז די שולען שטעהען ניט אויף איין שטאנד נאר וואס ווייטער ווערען זיי אלץ מעהר בעליבט קענען אונז ווייזען ווייטערדיגע ציפער: אין 1853—54 יאהר האבען אין די שולען זיך געלערנט יעהרליך צו 2000 מענשען; אין 1893—94 האבען זיך שוין יעהרליך געלערנט איין ערך 6000 מענשען.

דער סארט שולען, א חוץ וואס זיי האבען אויפגעמונטערט די געפיהלען צו א בעסערען אונ שענערען לעבען אויסער דעם, וואס זיי האבען דערוועקט א חשק צו וויסענשאפט, האבען זיי אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דעם מאטעריאלישען לעבען פון די פויערען. די פויערען וואס האבען בעקומען העכערע ענטוויקלונג, האבען אלס מעהר איינגעפיהרט אין זייערע בעל־הבית׳ישקייט נייע אויסגעבעסערטע אקערבוי־געצייג אונ האבען בעסער אנגעפאנגען צו בעארבייטען די פעלדער.

זייער געזעלשאפטליכע לאגע אין דער מלוכה איז אויך אויסגעבעסערט געווארען. די שולען האבען אויפגעהויבען דעם גייסטליכען צושטאנד.

דיזע סארטען אוניווערזיטעטען פארשפרייטען זיך זעהר גע־שווינד אין די שכנה׳שע מלוכות: שוועדען, נארוועגיע. דארטען שטע־הען נאך אבער ניט די שולען אויף אזא הויכע מדרגה ווי אין דענע־מארק. די הויפט סבה איז ווייל אין די אנגערופענע מלוכות איז דאס פאלק א סך ארעמער, ווי אין דענעמארק. אין נארוועגיע האלטען אונטער דיזע אוניווערזיטעטען די גרעסטע מענער. דער בעריהמטער שריפטשטעלער ביערענסאהן שטעהט זעהר נאהענט צו די האכשולען, ער האלט זיי אונטער מיט געלד אונ עצות.

א. ש. זאקס.

---

## ערקלערונג.

דער צענטראל־קאמיטעט פון די ציוניסטישע אגודות אין ווארשא דרוקט אויס אפען זיין פראטעסט געגען די אלע פון אונזערע שרייבער אונ צייטונגען אונ איבערהויפט געגען דעם דייטשעז זשור־נאל „אסט אונ וועסט“ אונ דעם רעדאקטאר פון „השלח“ ד״ר יוסף קלויזנער, וועלכע געבען א פאלשע בעדייטונג נארדוים ארטיקעל גע־גען אחד־העם אונ מיט א פארבארגענע כונה דרינגען זיי אויסצווייזען; אז נארדוי האט געמיינט מיט זיין מאמר פוגע בכבוד צו זיין די רוסישע יודען מיט דער העברעאישער ליטעראטור.

אלס בעפאלמעכטיגטע פארשטעהער פון די ציוניסטישע אגודות אין גרעסטען קבוץ פון רוסיש פוילישע יודען האלטען מיר פאר א גרוי־סע בעליידיגונג פאר אונז אונ פאר אונזער ליטעראטור, וואס א געווי־סע פארטיי יודישע שרייבער וויל אומגעבעטען נעמען אונז אונטער זייער שוץ אונ זיך קריגען אין אונזער נאמען מיט אונזערע ברידער אין אנדערע לענדער.

אין דעם זעהען מיר נאר א שלעכטע כונה ארויסצורופען קריג צווישען ברידער אונ אנצוהעצען די ארגאניזירטע ציוניסטען גע־גען דעם אקציאנס־קאמיטע, וואס דער קאנגרעס האט אויסגעקליבען, כדי דערמיט אונטערצוגראבען די גאנצע ציוניסטישע ארגאניזאציע.

פון נארדויס מאמר דאגעגען זעהען מיר נאר ארויס, אז ער וויל אפען ארויסזאגען זיין מיינונג, אז די ציוניסטען, וועלכע קענען נאר איין ציוניזם — דעם פאליטישען — זענען מחויב צו האלטען ה׳ אשר גינצבערג פאר איינעם פון די גרעסטע אונ שעדליכע געגנער פון אונזער בעוועגונג אונ דער צענטראל־קאמיטעט איז פאלקאם מסכים צו אזא מיינונג.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין לאנדאן איז געווארען א פרויען פעראיין, וואס דער צוועק איז, די פרויען זאלען זיין אבגעטהיילט פון די מאנסבילען. אינטערעסאנט זענען די תקנות פון דער חברה. אויב איינע פון דער חברה, למשל, איז עובר אויף די הארבסטע עבירה, היינו זי האט חתונה, שליסט מען איהר אויס פון דעם פעראיין; אויב איינע היט נישט די אנדערע תקנות פון דעם פעראיין, ווי למשל, זי האט בעקאנטשאפט מיט מאנס־בילען, קומט צו זיי אין געזעלשאפט וכדומה, ווערד זי בעשטראפט צו צאהלען נישט וועניגער ווי 50 רובל.

-- די פארשטארבענע רוסישע מיליאנערשע אלעקסיי עווא האט אין איהר צוואה אבגעשריבען פאר דער שטאדט מאסקווא 1,700,000 רובל. א מיליאן פון דעם געלד איז בעשטימט אויף א קינדער פריוט אונ 700,000 אויף א שולע.

---

### פארשידענס

אין דעם געזעצבוך פון חאמורבי קעניג פון בבל (דאס איז אמרפל מלך שנער פון אברהם אבינו׳ס צייטען, וואס ווערד גע־ברענגט אין דער תורה), וואס מען האט נישט לאנג געפונען אונטער די חרבות פון בבל אונ איז געשריבען געווארען פאר 4150 יאהר, געפינט זיך א געזעץ צום שוץ פון סאלדאטען, וואס זענען אין דער מלחמה געפאנגען געווארען געגען זייערע פרויען, זיי זאלען זיי טריי בלייבען בשעת דער געפאנגענשאפט. אויב א פרוי פון א געפאנגענעם סאלדאט פארלאזט דעם מאנס הויז בשעת ער איז אין דער געפאנ־גענשאפט אונ געהט אין איין אנדער הויז, מאכט מען איהר א פראצעס אונ מען ווארפט זי אין וואסער אריין. דאס געריכט האט חוקר ודורש צו זיין, אויב די פרוי, וואס האט פארלאזען איהר מאנס הויז, האט אין דער היים געהאט צו עסען. האט זי דארט נישט געהאט צו עסען מעג זי פארלאזען דאס הויז. דער סאלדאט וועלכער געהט אין דער מלחמה אריין, אויב ער לאזט איבער זיין פרוי פון וואנעט צו לעבען קאן ער זיכער זיין, אז זיין פרוי וועט איהם טריי בלייבען. דאס געריכט וועט זי היטען.

ל—וו.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b-Krakau.

## פון דער אדמיניסטראציע.

די אגענטען ביי וועלכע מען קאן אויסשרייבען די „יודישע פאלקסצייטונג" מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום-עליכם", אונ אויך מודעות (אנאנסען) אויפגעבען:

(פארטזעצונג)

**חאדארקאוו:**
ה׳ ב. יאנושפאלסקי.

**חארקאוו:**
Книгоиздательство „Улей"
Рыбная 25

**טשיטא** (סיביר)**:**
ה׳ א. ב. שאפירא.

**טשערקאססי:**
ה׳ ב. וואלאדארסקי.

**יעוויע:**
ה׳ א. ד. ריק.

**יעליסאוועטגראד:**
ה׳ ל. ספיוואק (בית הכנסת „חובבי ציון" שלל"פ);
ה׳ מ. א. בראדסקי;
ה׳ ל. גאלדענבערג;

**יעקאטערינאסלאוו:**
ה׳ י. ב. לעוונער (שלל"פ;
ה׳ ל. ז. פייביסאוויץ, מו"ס. לאדו:
ה׳ ש. באי, ש"ץ (שלל"פ);
ה׳ ח׳ פערלא, מו"ס;
ה׳ י נאחימאווין;
ה׳ א. יאנקעלעווסקי, מו"ס.

**לובני:**
ה׳ מ. זאגערניסטער, מו"ס;
ה׳ פישער

**לעאווא:**
ה׳ י. שטיינבערג (שלל"פ;
ה׳ באביצקי, מו"ס.

**מאהילוב גוב׳.**
ה׳ ש. יפה מו"ס

**מאריואמפאל:**
ה׳ א. י. ראזענטהאל (שלל"פ).

**מאריפאל:**
ה׳ י. א. לאמאווסקי.

**מינסק:**
ה׳ מ. האלפערין, מו"ס;
בני ה׳ נ. משכיל-לאיתן, מו"ס;
ה׳ מ. קאצינאווסקי;
ה׳ י. נ. גאלדבערג (יכנה"ז)

**נאוואזיבקאוו:**
ה׳ ש. ל. ציטראן.

**ניקולאייעוו:**
ה׳ י. מ. אייקסטאלקער, מו"ס

**ניעזשין:**
ה׳ צ. אלאטין.

**נעמירוב:**
ה׳ י ל. ראבינאוויץ

(פארטזעצונג קומט)